


# שטערן

2

ליטעראריש־קינסטלערישער
און פּאָליטיש־וויסנשאַפטלעכער
יידיש־זשורנאַל. מינסק

אַפּריל 1933

## אינהאַלט.

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש־קינסטלערישער אונ פאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער כוידעש־זשורנאל.

№ 2 ═══ נײַנטער יאָרגאנג ═══ פעוורואל 1933

דאָוויד בערגעלסאָנ

## כאוועדטע בראָניע

(פארצייכענונגענ, פעוורואל־מארט, 1932).

I

אינ מײַנ נאָטיצ־ביכל איז פארשריבנ:

„כאווערטע בראָניע—א רויִק, רויִק־פאמעלעכע, נאָר א זיכער־פעסטע אינ אלצ, וואָס זי זאָגט אונ טוט. אנדערע וועלנ מעגנ זײַנ פונקט, ווי זי, ווערט עס דאָכ הייסנ: א קאפעלע ווילנ זיי איר נאָכמאכנ".

„אירע יאָרנ:

ארום פינפ־זעקס־אונ צוואנציק".

בלאָנד־אָפנ—ווי אָפגעברענט מיט פיל זונענ אפילע אומ ווינטער.

„איר וויקס:

מיטל־פעסט—עפעס א גרונטלעכער סטיל אינ נײַער שטאלטנעקײַט.

„ארויסגערוקט אפ קולטור־ארבעט האָבנ זי אירע כאווײרימ טאקע דאָ, אינ דער גרויסער שטאָט אינ דאָרעמ. געענדיקט האָט זי א פארטיי־שול. איר טאטע—א גארבער ארבעטער לעבנ סלוצק".

נאָכ האָב איכ אינ מײַנ ביכעלע פארשריבנ:

„יעדער הערשנדיקער קלאס דיקטירט די ארומיקע ניט בלויז זײַנ געשמאַק, נאָר אויכ די שיינקײַט פונ זײַנ טיפ־פרוי. די פעאָדאלנ אונ די בורזשואזע קאפיטאליסטנ האָט געלוינט איבערצונעמענ דעמ פרויענ־קולט בא די אלטע גריכישע אונ אלט־רוימישע קולטורנ. דער ארבעטער־קלאס דארפ אזא קולט ניט האָבנ אונ שאפט דאָ עפעס אייגנס".

„צי ווייסט כאווערטע בראָניע, אז אינ איר שטאלט, אינ איר פאָנעמ, אינ איר גיינ אונ שטיינ איז פאראנ עפעס נײַ־קלאסיש־שיינעס — גאָר אנדערש, ווי אינ די יונגע פיגורנ בא אלט־גריכישע אונ אלט־רוימישע סקולפטורנ?".

„איכ ענטפער דערופ:

— ניינ".

„טראכט דענ וועגנ אזוינע זאכנ א גלײַכ געוויקס אינ א גוט־אופגעזעענעמ, גרויסנ וואלד?".

„כאוורטע בראָניע—א געוויקס אינ גרויסנ נײַעם וואלד, וואָס האָט אפ זיך א גוטנ באַלעבאָס־אופזעער—איך וואָלט שיר געזאָגט: נײַסטע מארקע פונ לעצטער אלסאָוועטישער מענטשנ־פּראָדוקציע”.

אָנגעטאָנ אינ א קורצ נישקאָשעדיק־ווארעמ ווינטער־רעקל, אינ א מענעריש פוטער־היטל מיט צעבאָמבלט־אראָפּגעלאָזטע שטיקלעך פוטער אפ די אויערנ איז כאוורטע בראָניע ווארטנדיק געזעסנ לעבנ מײַנ טיש. איר בליק, וואָס זײַטלט זיך צו מײַנ שרײַבנדיקער פענ, האלב פארוקט אונטער די פעסטע ברעמענ; די ברעמענ אליינ—אָנגעשטרענגט, אָט־אָט וועלנ זיי אָנהייבנ שמייכלענ.

— גלאָצט ניט אפ מיר אזוי די אויגנ—האָט זי געזאָגט,—כ'מיינ: בייס איר פיקעוועט אָנ אײַער ביכעלע... איך וועל זיך צעלאכנ.

איר קאָל א טיפ־ברוסטיקער העלער קאָנטר־אלט.

— איך גלאָצ דענ אפ אײַך די אויגנ?—האָב איך געפרעגט.

— יאָ—האָט זי געזאָגט—ווי א פאָטאָגראפ.

איך האָב אפ איר באנײַס א קוק געטאָנ — אינ דער ריינקײַט פונ אירע גרינ־בלאָע סאמעטענע אויגנ האָט מענ, דאכט זיך, געקאָנט איבערלייענענ:

— אויסגעפורעמט אינ פ.ס.ס.ר.

נאָר דאָס איז געווענ שפּעטער.

---

צווישנ דער גרופּע כאווירימ, ווײַס האָט מיך אינ דער גרויסער שטאָט אינ דאָרעמ באגעגנט אפנ וואָקזאל, איז זי געשטאנענ אָפּווארטנדיק, אביסל אָנאזײַט, ווי ניט מיך וואָלט זי געקומענ באגעגענענ. ס'האָט אויסגעזעענ: זי נייטיקט זיך ביכלאל ניט אינ אזוינע זאכנ— זי קאָנ זיך באגיינ אָנ דעמ.

ס'איז געווענ ארומ עלפ אינדערפרי.

ווײַס־אויסגעפאלענער שניי האָט לעבעדיק געסקריפּעט בא געקומענע פאסאזשירנ אונטער באשטיוולטע טריט.

ס'האָט פריש געפרעסטלט.

די זונ פונויבנ האָט דאָרעמדיק געווארעמט, קימאט צוגעבריט.

אונ אויך אזא געפיל האָט דאנ ארויסגערופנ כאוורטע בראָניע: אי ווי עס וואָלט פרעסטלענ, אי ווי די זונ וואָלט צוגעבריט.

אפ איר—א קורצ, נישקאָשעדיק־וואַרעמ ווינטער־רעקל, ניט גאָר נײַ.

אפ איר קאָפּ — איר מענעריש פוטער־היטל מיט די צעבאָמבלט־אראָפּגעלאָזטע פוטערנע אויערנ. ווי א העלע זוימ פונ אונטערנ שווארצנ פוטער ארויסגערוקט אירע געקירצטע האָר.

אלעמאָל ווערט זי דורך אנ אנדער כאווער גערופנ אפ א רעגע אָנאזײַט.

איך זע:

ניט זיי זאָגנ עפּעס איר, נאָר זי האָט עפּעס אָנצוזאָגנ יעדערנ פונ זיי—מע באראָט זיך מיט איר, ווי מיט א שטיקל הערשערנ דאָ, אינ מעלוכעדיקנ ווינקל.

דאָ דערוויס איך זיך:

זי איז די פארוואלטערנ פונעמ קולטור־הויז, וואָס האָט מיך—אפ פאָרטראָגנ, אפ א ריי ארויסטרעטונגענ אינ די פאבריקנ ארויסגערופנ. אויב אזוי, האָט זי נאָך פאר מײַנ אָנקומענ שוינ געוויס באוויזנ צו האָבנ ארומ מיר־ א היפּש ביסל לויפעניש — דאָס האָט זי מיר געשיקט די טעלעגראמעס, דאָס האָט זי באשטעלט פאר מיר א צימער אינ האָטעל. איך

מײַנ, אז דורכ עפּעס־וואָס וואָלט איכ איר באַראַפּט זאָגנ מײַנ דאנק. איינער פונ די כאוויירים, זע איכ, קוקט אפ איר, ווי אומיסטנ שמייכלדיק, בייס ער זאָגט צו מיר:

— זי וועט עס בא אונדז זײַנ אפ אײַכ דער גאנצער באַלעבאָס.

מיסטאמ האָב איכ אויסגעזענ, ווי איינער, וואָס וויל זאָגנ א „כאָכמע":

— דעהײַנע?—האָב איכ איבערגעפרעגט.

אונ גלײַכ דערפילט, אז ס'איז איבעריק אונ ס'איז קיינ כאָכמע ניט—איכ האָב זיכ דאנ צום ערשטנ מאָל באגעגנט מיט כאווערטע בראָניעס בליק: ווירקלעכ א בליק פונ עפּעס א קרעפטיקנ באַלעבאָס.

— נו,—האָב איכ געזאָגט,—אויב אזוי איז דאָכ אוואדע גוט.

כאווערטע בראָניעס ליפּנ—ווי צוגעטריקנטע מאנדלענ; אירע אויגנ—א קאפּעלע פאַר־זשמורעט; די הויט ארומ אירע שלייפנ טוענ זיכ קוימ־קוימ א ריר, ווי אפ אראָפּצוטרײַבנ פונ זיכ א פליג. זי זעט דערבײַ אויס גאנצ ערנסט.

— וואַרט—זאָגט זי,—צי מע וועט זײַנ גוט, וועלנ מיר ערשט האָבנ א סימענ.

אונטער איר בליק פיל איכ זיכ, ווי אזוינער, וועמענ עס לוינט נאָכ לעסאַטע ניט צו גלויבנ פונדאַנענ אהינ—מע דארפ ערשט זענ, צי מײַנע ארויסטרעטונגענ וועלנ דאָ ווערט זײַנ דאָס גאנצע ביסל טאַראַראַמ, וואָס מע האָט צוליב מײַנ אראָפּקומענ אופגעהייבנ.

כאווערטע בראָניע זאָגט:

— נו, קומט שוינ.

איבער עפּעס באקומט זיכ:

ניט מיר גייענ אלע איגיינעמ, נאָר זי גייט אונ די כאוויירימ מיט מיר גייענ איר נאָכ זי הייבט אָנ צו פארשווינדנ, ווי נאָר מיר גייענ ארויס פונעמ וואָקזאַל—זי האָט שוינ באוויזנ ארײַנשעפּטשענ עטלעכע גיכע ווערטער צו איינ כאווער אינ אויער, צו א צווייטנ, א כאַפּ טאָנ בא א דריטנ כאווער א בונט גרויסע אונ קליינע שליסלענ, אונ אָנ שום צעטראָגנקײַט ייִנגליש־געזעצט אוועקגעלאָפנ צום איבערגעפולטנ טראמווײַ־וואגאָנ, וואָס קלינגט שוינ אפ אָט־אָט צו רירנ פונ אָרט.

איכ קאָנ מיר ניט העלפנ אונ באגלייט זי די גאנצע צײַט מיט די אויגנ. איכ פיל, ווי־אזוי דאָס קאָנ אויסזענ בא די כאוויירימ, וואָס דארפנ זיכ ארײַנזעצנ מיט מיר אינ אווטאָ־מאָביל. אייניקע קאָנענ עס שלעכט אויסטײַטשנ—ניט צוליב דעמ בינ איכ דאָכ אהער אראָפּגעקומענ. א שטיקל טערעצ פונדעסטוועגנ האָב איכ—איכ זאָג צו די וואַרטנדיקע כאוויירימ:

— ווענ א מענטש לויפט נאָכ דעמ טראמווײַ, ווער עס זאָל ניט זײַנ, איז שטענדיק אביסל טשיקאווע אימ נאָכצוקוקנ; מע האלט דאנ, ווי א שטיקל געוועט מיט זיכ אליינ:

— „אנו?—ער וועט ארופ, צי ניינ?"

— מע נעמט אימ דערמיט, ווי אפ דער פּרוּוו—בלײַבט ער איבער, טראכט מענ וועגנ אימ:

— „גיסער ברודער פּע!... דו טויגסט ניט".

— כאַפּט ער זיכ ארופ, האָט מענ וועגנ אימ א סימענ:

— „א קאָזאַק!"

איצט קוקנ שוינ אלע כאוויירימ גלײַכ מיט מיר, ווי כאווערטע בראָניע לויפט נאָכ דעמ אוועקגעפאָרענעמ טראמווײַ־וואגאָנ. מע רעדט וועגנ דעמ צווישנ זיכ:

— זעסט, ווי זי שטעלט פולקעס?

— זי לייגט קלאפטער.

אָט־אָט־אָט...

— זי איז ארופ.

— זי קוקט זיכ נאָכ אומ...

— וואָס־זשע־דענ?—פיזקולטור!

מע דערציילט מיר וועגנ איר:

— דאכט זיכ א שטיקל מיידל, אונ טוט פאר צענ.

— זי איז בא אונדז האקאָזאק האגאָדל.

— איר וועט שוינ זענ.

---

בא מיר אינ צימער אינ האָטעל זיצט כאווער נאומ — ייִדישער נאצמינד באמ רײַ־פארטקאָמ. ס'איז א שאָ אָנדערהאלבנ נאָכ מײַנ קומענ.

כאווער נאומ—געזונט, וווקסיק ברייט, נאָר ווי דער קאָפ וואָלט אימ געווענ בא די צענדליקער ארבעטנ פונוואנענ ער קומט איצט. ער אָטעמט אָפט, הילכיקער ווי מע דארפ, אונ פילט זיכ דערפאר א קאפעלע, ווי שולדיק. צוריק מיט א יאָר דרײַ האָט ער זיכ פאר מיר געקלאָגט אפ א דעפיציט אינ שלאָפנ. איכ פרעג בא אימ:

— איז וואָס הערט זיכ?—שוינ ליקווידירט דעמ דעפיציט?

— ניינ—שמייכלט ער—נאָכ גרעסער געוואָרנ, נאָכ אלצ ניטאָ קיינ צײַט דערופ.

גנייוויש, ווי א הונגעריקער צו א שטיק ברויט, כאפט ער אָפטע בליקנ צומ דיוואנ, אפ וועלכנ ער זיצט. פונ צײַט־צו־צײַט טוט ער אימ לעבנ זיכ אזש א טאפ מיט די הענט. מאכט ניט אויס, וואָס כאווער נאומ איז א געוועזענער סטאָליער־ארבעטער—דעמ דיוואנ באטראכט ער איצט פאָשעט פונעמ שטאנדפונקט, ווי אזוי מע קענ זיכ אפ אימ אויסציִענ אונ כאפנ א דרימל.

— א גוטער דיוואנ—זאָגט ער,—א קאפעלע א קורצער.

ער טוט א לאכ פונ זיכ אליינ. זײַנע הענט מאכנ אזא באוועגונג, ווי זיי וואָלטנ דעמ דיוואנ וועלנ זאָגנ: „הער מיר אופ צו דולנ א ספאָדיק! — מער וועט ער דאָ אינ צימער וועגנ אזעלכע זאכנ ניט ריידנ. ער פרעגט בא מיר:

— וואָס האָט איר עפעס שוינ בא אונדז געזענ?

אונ ער ווערט דערבײַ מיטאמאָל וואכעדיק.

איכ דערצייל אימ:

— פאר דער צײַט, וואָס מיר האָבנ זיכ ניט געזענ, בינ איכ געווענ אינ אמעריקע—צומ ערשטנ מאָל אינ לעבנ. אלצ איז פאר מיר דאָרט געווענ ביז גאָר נײַ. דאָ, אינ פ.ס.ס.ר. בינ איכ ניט געווענ סאכאקל א יאָר דרײַ, אונ כאָטש איכ קאָנ זיכ פאר א היגנ, מוז איכ פונדעסטוועגנ מודע זײַנ: אלצ, וואָס איכ זע דאָ איצט, איז פאר מיר פיל־פיל נײַער, ווי אמעריקע. מיט דער קאָלעקטיוויזאציע, מיט דער בויונג אונ מיט פארניכטנ דעמ פריוואטנ האנדל איז דאָס גאנצע לאנד אינ פארלויפ פאר די לעצטע דרײַ יאָר באנײַט צוגעשניטנ געוואָרנ, ווי מע שנײַדט צו א נײַעמ שטאָפ. דער גאנצער נײַ־צוגעשניטענער שטאָפ, וואָס הייסט „פ.ס.ס.ר.״ געפינט זיכ איצט, ווי א נײַ בעגעד אינ דער ארבעט—אייניקע טיילנ זײַנענ שוינ פעסט אײַנגעארבעט, אנדערע—לײַכט־צוגעסטריגעוועט. דאָס גאנצע לאנד—אנ אומגעהויער גרויסער ווארשטאט. די ארבעט—א ברענענדיקע, ווי אינ עפעס א וויכטיק־נײַעמ ערעוו־יאָנטעוו. פאראנ ווינקלענ, ווו מע האלט בא „דאָנערשטיק״—בא ערעוו־ערעוו־

יאָנטעוו. אונ פאראנ ווינקלענ, ווו פונ דאָ אונ דאָרט קוקט שוינ ארויס דער יאָנטעוו אלײנ אלע זײַנענ פארפאָרעט, פארזשובעט. איכ דערקענ ניט די שטעט, איכ דערקענ ניט די מענטשנ. דורכויס־נײַע פאָרמענ. אלע זײַנענ יונג, אפילע עלטערע מענטשנ, אויב נאָר זיי באטײליקנ זיכ אופריכטיק אינ דער ארבעט, זעענ זיי אויס, ווי אכצניאָריקע. רעכנ איכ ארונטער א געוויסע צאָל פונ אלטע, „געוועזענע" אויסשטארבנדיקע עלעמענטנ, קומט אויס: איכ געפינ זיכ אינ א ווונדער־לאנד פונ גאָלע יוגנט. עס ליגט געוויס אינ דער אָרדענונג אונ אינ דער מאכט—א מאכט, וואָס לאָזט ניט אלט ווערנ. וואָס? איר האָט, דאכט זיכ, געוואָלט עפעס זאָגנ...

ניינ, כאווער נאום האָט נאָר געטאָנ א שמײכל; פונ דעם איז צו דרינגענ, אז ערשט איצט, מיט די סאמע לעצטע ווערטער האָב איכ א קאפּ צוגעטראָפנ. ער פרעגט וועגנ די קלענערע שטעט, פונוואנענ איכ קומ איצט אָנ, וועגנ דער דאָרטיקער ייִדישער באפעלקערונג. איכ זאָג:

— אויכ גאָר אנדערש, ווי פאר דרײַ־יאָרנ, שפּאָגל־נײַ. דער ייִד, אלס פארמיטלער צווישנ דאָרפ אונ שטאָט, האָט טאָמיד געקוקט אפנ פויער, ווי אפנ מאָקער פונ זײַנ פארנאָסע אונ רעהיבער געגלויבט אינ אימ קימאט, ווי אינ א נאטור־קראפט, וואָס וועט נאָכ ארופשווימענ סײַ עקאָנאָמיש, סײַ פּאָליטיש, דאָס האָט בא אימ געהייסנ: „גאָט איז נאָכ ניט געשטאָרבנ". ס'איז דאָכ א פאקט: די ייִדישע מיטל־בורזשואזיע איז געווענ אסאכ רירעוודיקער בא איר ארײַנגיסנ זיכ אינ סאָוועטישנ אפאראט, איידער דער ייִדישער קלײנהענדלער, וואָס האָט נאָכ אלצ, אפילע אינ אָנהויב קאָלעקטיוויזאציע געהאנדלט מיטנ פויער אונטער דער פּאָלע. דער גראָשנדיקער „מיסכער" האָט געמעגט ניט קלעקנ צומ לעבנ, ער איז אָבער נאָכ אלצ געווענ געבונדנ מיט האָפענונגענ אפ לעהאבע. ערשט באמ פארענדיקנ די קאָלעקטיוויזאציע, טראָצ לערליי ווידערשטאנדנ פונעמ דאָרפישנ באלעגופ, האָט דער ייִדישער קלײנהענדלער זיכ אנטוישט אינ „נעצעכ פויער לוי יעשאקער", דערזענ, ווי דער שעדיקער־באלעגופ ווערט פארביטנ מיטנ טראקטער, מיט דער מאשינ, פארלירט זײַנ עקאָנאָמישע באדײַטונג אינ לאנד, אונ „אז מע פארלירט די מייע, פארלירט מענ די דייע". — טאקע דערפאר האָט דער ייִדישער קלײנהענדלער אינ שטעטל ערשט די לעצטע צײַט אָנגעהייבנ גײנ אפ שווארצארבעט. ערשט איצט האָט אימ די רעוואָליוציע־רעכט „דורכגענומענ".

איכ רעכנ, אז הײַנטיקס יאָר זײַנענ פאראנ גרעסערע מעגלעכקײַטנ אפ אויסצופילנ די אָרדערס אינ די ערטער פונ ייִד־איבערוואנדערונג, דערהויפט אינ בירעבידזשאנ. איכ מיינ, אז אויכ דער מענטשנ־מאטעריאל וועט איצט זײַנ א בעסערער. איכ מיינ, אז אויב א געוויסער טייל פונ דער פריריקער איבערוואנדערונג איז געגאנגענ אפ די פּאָנדנ מיטנ מיינ צו אנטלויפנ פונ דער רעוואָליוציע אונ האָט זיכ דאָרט אנטוישט, ווײַל די רעוואָליוציע איז אימ נאָכגעגאנגענ אויכ אהינ, וועט דער איצטיקער איבערוואנדערער זײַנ אזא, וואָס ווייסט אפ וואָס ער גייט אונ וועט זיכ ניט אנטוישנ.

— אזוי מיינט איר?

כאווער נאום הייבט זיכ פאמעלעכ אופ, שמײכלט אונ ציט זיכ [illegible] געשטרענגטע מוסקולנ אזוי, אז מײַנ געהער כאַלעמט זיכ אוש א קנאקערײַ פונ ביינער.

— נו,—זאָגט ער,—קוקט זיכ צו... קוקט זיכ צו בא אונדז.

אונ פונ דעם פארשטיי איכ, אז צו קוקנ האָב איכ ערשט אָנגעהייבנ אונ אז צו זענ, לויט זײַנ מיינונג, שטייט מיר נאָכ פאָר אסאכ. איכ שטעל מיר פאָר זײַנע ארבעטנ אינ די לעצטע הייסע יאָרנ, אונ עס קומט מיר פאָר, ווי בא מיר אינ צימער וואָלט ער דאָכ האָבנ

געכאַפּט כאָטש אַ קורצינקן דרעמל. מיר דאַכט זיך: ער וועט עס מיר באַלד זאָגן, נאָר ער באַווײַזט עס ניט צו טאָן. מע קלאַפּט אָן אין טיר און עס קומט אַרײַן כאַווערטע בראָניע אין איר קורצן ווינטער־רעקל און פוטערנעם מענערשן היטל. זי טוט אַ קוק אויף כאַווער נאָומס פּאָנעם פּונקט מיט אַזאַ בליק, ווי מע טוט אַ קוק אויף אַ זייגער, און פון דעם איז צו זען: זי וויל וויסן, צי זי האָט ניט פאַרשפּעטיקט. אַפּאָנעם, זי האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט צוגעוווינט צו אַזוינע מידעס, ווי צו זאָגן באַם אַרײַנקומען שאָלעם־אַלייכעם... וואָס מאַכט איר גוטס?... זי האָט געבראַכט דעם פּלאַן פון מײַנע אַרויסטרעטונגען און לייענט אים דורך:

— דרײַ אַזייגער באַטאָג אין דער און דער פאַבריק (אין גרויסן איבעררײַס).
— פינף פאַרנאַכט אויף יענער און יענער פאַבריק (צום סאָף פון דער אַרבעט).
— אַכט אין אָוונט פאַר דער און דער אַודיטאָריע.
— מאָרגן—דאָס אייגענע, נאָר אין אַנדערע פאַבריקן, אין אַנדערע אַודיטאָריעס.
— דער פּלאַן—אויף די ערשטע זיבן טעג.

איך פרעג:

— מע קאָן דען נאָך איבעראַנדערשן?

זי קוקט ניט צו מיר, נאָר צו כאַווער נאָומען, וואָס פרעגט בײַ איר:

— אַלץ צוגעגרייט? פּלאַקאַטן אין דער פאַבריק פאַראַן?

זי טוט קינדעריש־זיכער אַ שאָקל מיטן קאָפּ. כאַווער נאָום האָט זיך שוין געזעגנט—אַוועקגעגאַנגען. כאַווערטע בראָניע קוקט אויף מיר, ווי אויף אַ טשיקאַווע זאַך, וואָס רירט זיך ניט.

— ס'איז נאָך געבליבן—זאָגט זי,—אַ קנאַפּע שאָ... קומט.

— וווהין—פרעג איך,—אויף דער פאַבריק? שוין איצט?

כאַווערטע בראָניעס בליק—ווי זי וואָלט מיר זאָגן:

— ווען דען האָט איר געמיינט?—איבעראַיאָר?

זי נעמט אײַליק פאַרשפּיליען אויף זיך איר קורץ ווינטער־רעקל, טוט אַ כאַפּ איר רויט־ברעזענטענעם קיינעם פאָרטפעל אונטערן אָרעם און לאָזט אויס:

— כ'וועל אײַך זאָגן דעם עמעס: מיר האָבן דאַפקע אַסיגנירט גענוג געלט אויף צו פירן אײַך אויף איזוואָזטשיקעס. נאָר צו דער פאַבריק איז ניט זייער ווײַט — זי איז אין שטאָט. מע קען דערווײַל אײַנשפּאָרן.

— אַזוי גאָר? וועלן מיר, הייסט עס, גאָר גיין צופוס?

אירע ליען באַוועגן זיך קוים־קוים, ווי אויף אַ שמייכל צו טאָן:

— יאָ—מאַכט זי,—איר וועט זיך מאַטריעכ זײַן.

איך לייג אַרײַן אין טאַש אַ פּאָר נייטיקע פּאַפּירלעך, הייב זיך אָן אָנטאָן. איר אַפּאָנעם זעט אויס צו לאַנג (זי נעמט אַראָפּ פון קאָפּ איר פוטערן מיצל, האַלט עס פאַרביידע פוטערנע אויערן און טרייסלט עס אויס. אָנעם היטל איז זי ייִנגער און שענער — געשניטענע, געדיכט־צעוואָקסענע האָר האַקן אָפּ מיט אַ גלײַכן שנור דעם יונגן שטערן האַרט לעבן שטערן זײַנען די האָר מיט אַ גאַנצע פּאָר טענער בלאָנדער, ווי אויפן קאָפּ.

מיר בלײַבט שוין ניט מער, ווי אָנטאָן די קאַלאָשן.

— נו אָט—זאָג איך צו איר—איר הייבט זיך גלײַך אָן צו באַנוצן מיט דעם, וואָס איר זײַט ניט קיין פאַרוואַלטער, נאָר אַ פאַרוואַלטערן... זיך אויסצייכענען מיט שפּאָרעוודיקײַט אויף מײַן מענערשן כעזשבן. ניט קיין גלײַכע רעכט מיט מאַנצבילן ווילט איר, נאָר אַ קאַמער.

איך קוק זיך אום—זי האָט שוין צוריק אָנגעטאָן איר מיצל און רוקט עס אָן מיט ביידע הענט אלץ טיפער און טיפער אפ איר קאָפּ. זי נעמט עס אוף, אפּאָנעם, ערנסטער, ווי איך האָב געהאָפּט.

— וואָס זשע?—פרעגט זי,—איר טאָרט, כאָלילע, ניט גיין צופוס?

איך:

— פונוואנען ווייסט איר, אז איך מעג יאָ?

— פּאָזשאלוסטא—זאָגט זי—איך קאָן אייַך פירן אפ איזוואָזטשיקעס.

איצט איז מיר קלאָר: כ'האָב אָנגעארבעט עפּעס א כאסענע—דאָס מיידל פילט זיך אפּ אָנ עמעס געטראָפן. איך טויג, אפּאָנעם, רעכט אפ קאפּאָרעס, איך ווייס אפילע ניט ווי אזוי צו ריידן מיט א מענטשן. איך בין זיך גלייַך פאר איר מוידע, אז איך קאָן זייער געזונט גיין מיט די פיס:

— אָט וועלן מיר נאָר ארויסגיין אינדרויסן, וועל איך אייַך גלייַך באווייַזן, אז איך בין א פוס־גייער סאקאָנעס־נעפּאָשעס, נאָר וואָס־זשע דען?—טאקע דער ריינער עמעס: כ'האָב געוואָלט שאפן כאָטש א וואָסער־ניט־איז קליינעם אינצידענט, קעדיי מיר זאָלן צווישן זיך ווערן אביסל מער באקאנט, וואָרעם נאָך יעדן אינצידענט איז—ווי זאָל איך אייַך אויס־מאָלן?—ווי צוויי אומבאקאנט־שווייַגנדיקע פארשווינען אפ א לויפנדיקן באלעגאָלישן וואָגן:

ווי נאָר דער וואָגן טוט זיך מיט זיי סאכאקל איינמאָל א קער־איבער, אזוי גלייַך ווערן זיי צווישן זיך היימיש, זיי מעגן אפילע האָבן איינער דעם אנדערן גוט אָנגעקלאפּט די זייַטן. נו?—פארשטייט איר שוין?

— צי איך פארשטיי?...

כאווערטע בראָניעס אויגן ציִען א קאפּל צוזאמען, טוען א פּאָר מאָל א פינטל, זיי קוקן אפ מיר.

— איך פארשטיי—זאָגט זי,—ס'איז א דריידל.

און אין איר קאָל איז צו דערקאָנען, אז קיין איבעריקן כיין קאָנען בא איר אזוינע זאכן ניט האָבן. זי טוט זיך צום לעצטן מאָל א כאפּ:

— נו, קומט שוין גיכער, מע קאָן פארשפּעטיקן.

זי וויל מער וועגן דעם ניט ריידן. מיר זייַנען שוין אינדרויסן. מיר גייען אָפּ גאנץ גיך איין קווארטאל, א צווייטן און מיר שווייַגן. איך וויל מיר אָפּגעבן א שטיקל כעזשבן פון דעם, וואָס איז פּאָרגעקומען: מיט דער הילף פון א „דריידל" האָב איך געקלערט ווערן מער היימיש מיט א מענטשן, נאָר דאָס „דריידל" האָב איך אהער פארשלעפּט פון א פרעמ־דער וועלט און מיט דעם דערגרייכט פונקט דעם הייפעך—דער מענטש איז מיט מיר גע־וואָרן נאָכמער פרעמד. הער א מייַסע!—פאר א „דריידל", ווייַזט זיך ארויס, באקומט מען דאָ אין לאנד שוין טאקע לאָכלוטן גאָרנישט... מיר זייַנען שוין אָפּגעגאנגען א דריטן קווארטאל און שווייַגן נאָך אלץ. דער אקעגנדיקער ווינט שטארקט זיך מינוטנווייַז, אָטעמט מיט יונגן פראָסט גלייַך אין פּנים. דריבנע פאלנדיקע שנייעלעך בריִען ערטערווייַז די באקן און דעם שטערן.

כאווערטע בראָניע האָט ניט קיין הענטשקעס. זי האלט די הענט אין די ארבל, ווי אין א מופטע, ציט צענויף די אקסלען און זעט אויס, ווי א יונג קלוגעטשק פויערל, וואָס ווערט זיך דורכלייגן א וועג אפילע צווישן סאמע געדיכטסטע אוילעם. איך כאפּ פון צייַט צו צייַט א קוק אפ איר פראָפיל און קום צום באשלוס:

— אפּאָנעם, זי האָט אנדערע, מער נײַע און מער גלײַכע וועגן אפּ צו ווערן היימיש מיט א מענטשן.

איך טראכט:

קומענדיק אינ פאבריק זאָל איך נאָר ניט פארגעסן צו פארשרײַבן בא זיך אינ נאָטיצביכל:

„זיך באקאָנען וואָס גיכער מיט אָט די נײַע גלײַכע וועגן".

II

שטעלט זיך ארויס:

כאווערטע בראָניע איז ניט נאָר די פארוואלטערנ פונ היגנ קולטור־הויז—זי האָט אויך א נאָענטנ שײַכעס צו די ביבליאָטעקלעך אפּ אייניקע פאבריקנ.

מיטנ וועג אינ פאבריק ארײַנ פארבינדט זיך דאָך צווישנ איר מיט מיר א שטיקל שמועס. מיך אינטערעסירנ די נעמענ פונ די ביכער, וואָס אפּ די פאבריקנ רעקאָמענדירט מענ דעם לייענער. מיר שטעלנ זיך אָפּ אפּ א פּאָר פונ זיי; צווישנ אנדערע—אויך אפּ „מידעס האדינ".

— אהא!—איז שוינ, הייסט עס, יאָ פאראנ א שטיקל מעגלעכקײַט צו ווערנ מיט כאווערטע בראָניענ א קאפּעלע מער היימיש.

כאווערטע בראָניע פועלט בא זיך, זיך מוידע זײַנ, אז זי האָט מיר צו שטעלנ א פּאָר פראגנ:

— סאכאקל דרײַ פראגנ.

די ערשטע פראגע: — פארוואָס האָט איר אינ „מידעס־האדינ" געמאָלט פּיליפּאָוונ מיט א פארבונדענעם האלדז?... ביכלאל—אביסל א קראנקנ.

איך זאָג צו איר:

— פארוואָס האָב איך אזוי געמאָלט פּיליפּאָוונ? — אומיסטנ, אָדער קימאט אומיסטנ: קעדיי אונטערצושטרײַכנ מיט דעם זײַנ רעוואָליוציאָנערע גוורע.

כאווערטע בראָניע קוקט ניט צו מיר און שווײַגט—מע קאָנ ניט וויסנ, צי זי בארעכטיקט עס, צי ניינ; אפּאָנים, זי טראכט וועגנ דעם און דארפ האָבנ מיט זיך א ייִשעוו־האדאעס, צי האָט מענ עס ניט געקאָנט טאָנ מיט אנדערע מיטלענ.

איך פרעג:

— און די צווייטע פראגע?

זי:

— וועגנ וואָס דערציילט זיך אינ אײַער נײַעם בוך, וואָס דרוקט זיך איצט?

איך זאָג עס איר, ווי ווײַט עס לאָזט זיך, זייער אינ קורצנ. איך מונטער זי אונטער:

— נו, פרעגט ווײַטער.

זי:

— וועגנ מירל הורוויצ אינ „נאָך אלעמענ"—איר האָט זי גענומענ אינגאנצנ פונעם לעבנ, אָדער אביסל צוגעטראכט?

איך:

— שוינ מער, ווי צוואנציק יאָר, אז איך האָב עס געשריבנ. ווער קאָנ זיך מיט אזוינע זאכנ אָנגעדענקענ?

איך גיב צו:

— מיר איז ביכלאל ניט קלאָר: וואָס פאר אנ אינטערעס קאָנ מענ דאָ בא היינטיקנ טאָג צו מירלענ האָבנ? אָקאָרשט צוריק מיט עטלעכע טעג איז מיר אויסגעקומענ צו ריידנ וועגנ דעמ אינ קיִעוו פאר א גרעסערער אודיטאָריע: „וואָס איז שייַעכ צו מיר, דעמ אווטער—האָב איך געזאָגט,—האָב איך מיט מירל הורוויצ ניט כאסענע געהאט". דערופ האָט צו מיר דאָרט עמעצער פונ דער אודיטאָריע א געשריי געטאָנ: „מיסטאמע האָט זי ניט געוואָלט", אונ אייניקע האָבנ מיט פארגעניגנ זיך פאנאנדערגעלאכט.

איך כאפ אפ כאווערטע בראָניענ א קוק.

— נאט אייַכ—זאָג איך,—אפילע איר... אָט לאכט איר אויך.

— איך?—ניינ...

כאווערטע בראָניע פארענטפערט זיך:

— ס'איז ניט דערפאר, וואָס איך זאָל זיך וועלנ פאר מירלענ אָנעמענ.

איך:

— פונדעסטוועגנ—איר לאכט נאָך איצט אויך...

זי:

— ניינ. פּאָשעט—ס'איז קלוג געזאָגט.

דערבייַ טוט זי שוינ דאפקע יאָ, ווי אומיסטנ, אפ מיר א קוק.

איך:

— אונ מער ווילט איר גאָרנישט בא מיר ניט פרעגנ.

זי:

— יאָ, נאָך איינ זאך: וואָס שרייַבט מענ וועגנ אונדז אינ אויסלאנד? אינ די צייַטונגענ?

— אינ אויסלאנד אינ די צייַטונגענ...

איך קלער איר אופ, אז ס'איז פאראנ אנ אונטערשייד צווישנ די ייִדישע אונ ניט-ייִדישע צייַטונגענ:

— די ניט-ייִדישע קאָנענ נאָך אמאָל שרייַבנ גוטס, דענסטמאָל, ווענ די ייִדישע וועלנ אזא זאך ניט טאָנ.

כאווערטע בראָניע:

— פארוואָס?

איך:

— עס ליגט דערינ א שטיקל סייכל, נאָר וועגנ דעמ וועט איר מויכל זייַנ מיר שטעלנ א באזונדער פראגע. וואָס איז שייַעכ די ייִדישע בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע צייַטונגענ...

איך זוכ די מיטלענ אפ צו געבנ אינקורצנ א מער ווייניק אויסשעפנדיקנ ענטפער.

דעריבער הייב איך אָנ פונ פּידרעכ — איך רייד וועגנ דעמ, וואָס אינ די קלענערע שטעט זייַנענ נאָך פארבליבנ געציילטע, וואָס מאכנ א לעבנ פונ האנדלענ אונטער דער פּאָלע, אונ דאפקע זיי גייענ מערסטנטייל מעשונעדיק אָפּגעריסנ, לאטעס אפ לאטעס—אומיסטנ, קעדיי מע זאָל זיך וועגנ זייער באשעפטיקונג ניט דערוויסנ אונ ניט ארופלייגנ אפ זיי קיינ שטייַער.

איך דערצייל כאווערטע בראָניענ:

— אײנע א מעשונעדיק־געלאטעטע ייִדענע האָב איך ניט לאנג געזענ. די ייִדענע האָט זיך געקלאָגט: אנומעלטנ זײַנענ „זײ״ [1] ווידער געקומענ צו מיר—וואָס איז?—איך זאָל „זײ״ געבנ פופציק דאָלער.—ווו זאָל איך זײ נעמענ פופציק דאָלער?... האָבנ „זײ״ גענומענ אונ האָבנ מיך אײַנגעזעצט בינ איך אָפגעזעסנ צווײ וואָכנ. האָב איך זיך מעיאשעוו געווענ: נו? וואָס וועל איך זיצנ? בינ איך געגאנגענ אונ האָב זײ געגעבנ פופציק דאָלער...

איך זאָג צו כאווערטע בראָניען:

— ט׳האָט איר אײַך דעם ענטפער אפ דער פראגע: די ייִדישע קלײנבירגערלעכע צײַ־טונגענ אינ אויסלאנד גיבנ איבער בלויז די ערשטע האלב פונ דער ייִדענעס מײַסע: אנומלטנ זײַנענ „זײ״ ווידער געקומענ, איך זאָל זײ געבנ פופציק דאָלער—ווו זאָל איך זײ נעמענ פופציק דאָלער?—האָבנ זײ גענומענ אונ האָבנ מיך אײַנגעזעצט״.

— דאָ האקנ די ייִדישע קלײנבירגערלעכע צײַטונגענ די מײַסע אָפ... פאר זײ איז דאָס גענוג...

כאווערטע בראָניע, זע איך, כאפט פלוצים אראָפ איר פוטערנ היטל פונ קאָפ, כאָטש אינדרויסנ איז קאלט אונ דער שנײ פאלט גאנצ געדיכטלעך. זי האלט איר היטל פאר ביידע פוטערנע אויערנ אונ טרײסלט עס אופ. דאָס טוט זי, אפאָנים, שטענדיק, ווענ זי ווערט אופגערעגט—סײַ צו שלעכטנ, סײַ צו גוטנ. אינמיטנ גאנג טוט זי אפ מיר אײנמאָל אונ צווײ מאָל א קוק. איך באמערק: בײס זי שמײכלט ווערט בא איר אײנ אויג א קאפעלע קלענער פונעם צווײטנ, ארום אירע ליפנ אנטפלעקט זיך דאנ עפעס קינדערשעס, ביז גאָר אָפנהערציקעס, ווי בא אלע יענע נײַע מענטשנ אינ פארבאנד, וואָס האָבנ אינ זײער לעבנ אײנײנציקנ גרויסנ וועג אונ אײנײנציקנ גרויסנ מײנ. עס ווערט מיטאמאָל זײער לײַכט אונ גוט מיט איר צו גײנ. איך טראכט: צי האָב איך ניט אָנגעטראָפנ אפ יענעם נײַעם אונ גלײַכנ וועג, אפ וועלכנ מע קאָנ ווערנ מיט כאווערטע בראָניענ הײמיש?

זי האָט שוינ צוריק אָנגעטאָנ איר היטל אונ איז, דאכט זיך, בלויז ארײַנגעטאָנ אינ פארשנעלערנ דעמ גאנג. איר קאָל טוט דעריבער פאר מיר א קלונג גאנצ אומגעריכט, ווענ זי טוט צו מיר פלוצלונג א זאָג:

— טאקע דערפאר האלטנ מיר פונ אײַך.

איך:

— פארוואָס?

כאווערטע בראָניע:

— ווײַל איר זאָגט אָפט דאָס, וואָס בא אונדז ליגט אָט־אָט אפ דער צונג—איך מײנ: אינ אײַערע דערציילונגענ, ניט שטענדיק... נאָר אמאָל גיט זיך אײַנ—אינ „שטורעם־טעג״, א שטײגער.

איך:

— וואָס איז?—איך זאָל „זײ״ געבנ—לעמאָשל, אינ וועלכע דערציילונגענ?

כאווערטע בראָניע:

— אינ „אפ דער הונדערט־אײנטער וויאָרסט״. אינ „הירשל טאָקער״.

— נו, גוט—אונדזער הײמיש ווערנ איז אפ א דערעך. איך האלט אוש אײַנ דעם אָטעם פונ מוירע קאליע צו מאכנ.

---

[1]) „זײ״—פאַרשטײער פונ דער מאכט.

כאווערטע בראָניע זאָגט:

— אפּ א פאַרזאמלונג, בא פאַנאַנדערקלײַבן אײַערע ווערק, האָט אײנער א כאַווער געזאָגט וועגן אײַך: איר זײַט שטארק, ווען איר פאַלט אָן אפּ אונדזער סוינע, פון דעם איז געדרונגען, אז אונדזער סוינע איז אויך אײַער סוינע.

כאווערטע בראָניע פרעגט בא מיר, ווי האַלט איך:

— ס'איז ריכטיק?

איך טראַכט זיך אײַן אין דעם.

— יאָ,—זאָג איך,—דאַכט זיך, אז ס'איז ריכטיק, נאָר מיר אַלײן איז דאָס ווײניק.

כאווערטע בראָניע קוקט מיך אָן פון אונטערן שטערן.

— אויב אזוי,—מאַכט זי—איז גוט.

איך:

— וואָס איז גוט?

זי:

— וואָס איר אַלײן ווײסט עס.

איך פיל קימאַט, ווי כאווערטע בראָניע וואָלט מיך האָבן הײמיש א טאָרקע געטאָן מיטן עלנבויגן. זי זאָגט צו מיר:

— קומט גיכער. איר האָט אָנגעהײבן גײן צו פּאַוואָליע. וואָס האָט איר זיך אזוי פאַרטראַכט?

איך טראַכט גראָד וועגן א פּאָר זאַכן, וועגן וועלכע מיר וואָלט שווער געווען מיט כאווערטע בראָניען צו רײדן.

ערשטנס:

וועגן כאווערטע בראָניעס לעצטע ווערטער:

— אויב אזוי (אויב איך, דער שרײַבער אַלײן, ווײס מײַנע כעסאָרן) איז גוט".

אין דער בורזשואַזער וועלט וואָלט עס אויסגעטײַטשט געוואָרן, ווי א „צעלאָזנקײַט" ווי אַן אַזעסדיקע באַציִונג פונעם געווײנלעכן לײענער צום שרײַבער. די ערשטע וואָלטן עס אזוי אויסגעטײַטשט די בורזשואַזע קריטיקער, ווײַל זײ האַלטן, אז בלויז זײ זײַנען באַרופן אָנצוּווײַזן דעם שרײַבער זײַנע כעסאָרן; זײ זײַנען די דיקטאַטאָרישע „קויהאַנים גדוילים" פון בורזשואַזן געשמאַק. ווען דער דײַטשישער טעאַטער־קריטיקער אַלפרעד קער שרײַבט וועגן א טעאַטער־שפּיל, אז ס'איז גוט, איז פאַרפאַלן—דעם אוילעם מעג עס שטארק ניט געפעלן, גײן א קוק טאָן אפּן שטיק מוז מען שוין—ניטאָ קײן ברײרע. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אז דער „באַרימטער טעאַטער־קריטיקער אַלפרעד קער" האָט זיך אָנגעהײבן באַווײַזן פאַרן אוילעם ניט אַנדערש ווי אָנגעטאָן האַלב ווי א דיקטאַטאָר, האַלב ווי א קסיאָנדז—א סימוואָל פון „הײליקײַט און מאַכט".

צווײטנס:

איך וואָלט דאָ אפּן אָרט געמעגט פאַרצײכענען אין נאָטיץ־ביכל די אינטערעסאַנטע דיאַלעקטיק:

— „אין דער בורזשואַזער וועלט הערט מען ניט אוף צו שרײַען: „מיר זײַנען פרײַע דעמאָקראַטן". אינדערעמעסן שטויסטו זיך דאָרטן אָן אפּ יעדן שריט און טריט אפּ פאַרזענלעכער דיקטאַטור.—א סימען, אז דער לאָזונג „דעמאָקראַטיע" איז א ליגנעריש־פאַלשער, א לאָזונג אפּ צו פאַרבלענדן און אָפּנאַרן.

— „און אין דער פּראָלעטארישער וועלט זאָגט מען אָפּן: „אזוי לאנג ווי מיר האָבן נאָך ניט דערפירט צו סאָציאַליזם פון קלאסנלאָזער געזעלשאפט, בלײַבן מיר פּראָלעטאריש־דיקטאטורישע מאכט. און דידאָזיקע מאכט פירט דערצו, אז דאָ און דאָרט, אין פארשיי־דענע ווינקלען פון לעבן, הייבט זיך אָן צו באווײַזן עמעסער, ניטגעפארבטער דעמאָ־קראטיזם".

איך זאָג צו כאווערטע בראָניען:

— איך בין אײַך נאָך שולדיק אַן ענטפער אף איין פראגע.

זי:

— אף וועלכער?

איך:

— פארוואָס די ניט־ייִדישע בורזשואזע צײַטונגען קענען נאָך אמאָל שרײַבן וועגן פ.ס.ס.ר. גוטס, דענסטמאָל, ווען די ייִדישע וועלן דאָרט אזא זאך ניט טאָן.

נאָר מיר זײַנען שוין אָט־אָט בא דער פאבריק, ווו איך האָב אַן ארויסטרעטונג אינעם דרײַ־אזייגערדיקן איבערײַס. מיר הייבן שוין אָן ארײַנצוגיין אין פאבריק־הויף און דערהערן פון אקעגן דעם ברומענדיקן גערויש, וואָס איז פארשפארט צווישן געמויערטע ווענט פון גרויסע געבײַדעס—אַן אומקלאָר־זינגענדיקער גערויש, ווי פון א נאָענטן, גרויסן וואסער־פאל. כאווערטע בראָניע הערט מער ניט, וואָס איך רייד צו איר. איך קוק זיך אום און דערקען זי ניט:

— וואָס איז געשען מיט דער כאווערטע בראָניען?!

קיין שום מיידל, קאָן איך שווערן, איז קיינמאָל אזוי ניט אופגערעגט געוואָרן באם דערהערן פון נאָענט די טענץ פון א „כאָסן־מאָל", באם דערהערן די מוזיק פון „א טאנץ פאר דער כופע", ווי כאווערטע בראָניע—באם דערהערן דעם נאָענטן גערויש פון דער פאבריק. זי האָט גלײַך אופגעהערט באמערקן, צי איך גיי אין איין ריי מיט איר, אָדער איך בלײַב פונהינטן. אירע אויגן האָבן מיטאמאָל באקומען פיל הייסע בליקן און אלץ אזוינע, וואָס ציִען נאָך זיך איר גאנצן קערפער צום ארײַנגאנג אין דער פאבריק. אירע אויערן האָבן זיך אויך גיך אײַנגעהערט אינעם פאבריק־גערויש—יעדער אויער באזונדער און ביידע אינאיינעם. איר האָט קוים געקלעקט אָטעם אף מיר א זאָג צו געבן:

— שוין באלד דער איבערײַס.

פאראן וואלד־מענטשן, וואָס קאָנען לויט דעם געזאנג פון די פויגלען פעסטשטעלן יעדע צײַט פון טאָג, און כאווערטע בראָניע—א פאבריק־מענטש—לויט דעם רוישיקן ברומען, וואָס טראָגט זיך פון די פאבריק־געבײַדעס, קאָן זי פעסטשטעלן, ווי ווײַט האלט מען אין דער ארבעט. איך באמערק, ווי זי אײַלט זיך, קימאט זי לויפט אונטער. אין איר פּאָנעם בײַטן זיך די פארבן, איר געשלאָסן מויל טוט פון רעגע צו רעגע א ציטער. איך וואָלט שיר געזאָגט:

כאווערטע בראָניע האָט באזונדערע געפילן צום גערויש, וואָס דערנעענטערט זיך צו אונדז—זי האָט צו דער פאבריק א ייִצרהאָרע.

ז. אקסעלראָד

# צווייַ לידער

* *
*

אין פעלצן געקוטעט מיר פאָרן באפערט—
א שליטוועגס א ווייכער אפ וויַסרוסישער ערד.

מיט לידער פארפולט די געלע פאָרטפעלן,
פארן לייענער־אוילעם מיר פאָרן זיך שטעלן.

צי לייענט מען דיכטונג? מיר ווייסן ניט, ניין.
אויב הויך איז די שטים, וועט זי זיכער דערגיין...

ווי באטאָגיקער פראָסט ליכטיק און פריש
גיסט זיך אין קלוב אונדזער ווערטער־געמיש.

לויכטן און. קוקן פארשטוינטע געזיכטער
פונעם ריטמישן קלאנג, וואָס קומט אומגעריכט גאָר.

אפ א שליטן אַז אלטן מיר ווערן געפירט
פון ייִשעוו צו ייִשעוו, קאָלווירט צו קאָלווירט.

א וויַסע געבײַ שווינדט פארבײַ אונדז אדורך
— גיכער דעם פערד—זאָל דיך נעמען דער רוח!

און ווידער א סטאנציע און ווידער א באן,
ניט גרויס איז דאָס לאנד, נאָר ס'איז ראכוועס פאראן.

ווי ס'פירט זיך בא אונדז לויט דער אלטער געוווינהײַט,
מיר זעצן זיך אויסעט אלע איניינעם.

מיר האלטן זיך אונטער מיט שטיקעלעך הונ,
מיר לייגן זיך שלאָפן ביז ס'טאופגיינ די זונ.

און רײַבן די הענט פון פּראַקטיקער קעלט:
ווי גוט, וואָס ס'איז אויפעס פאַראַן אַף דער וועלט!

דער באַן שטעלט זיך אָפּ מיט אַ ראַשיקן שטויס,
אַ ייִשעוו אַ נײַער, מיר קריכן אַרויס.

און ס'פירט אונדז אַרום שוין פון שטאָק צו שטאָק
אַ הייכער אינזשענער אין אַ קאַלכענעם ראָק.

און ווײַזט אונדז דעם לײם אַף פאַרפראָרענע הענט:
— פון אַזאַ אָ געמיש ווערט געמאַכט דער צעמענט.

מיר הייבן זיך אופעט און נעמען זיך ווידער
צו די געלע פּאַרטפעלן פאַרפולטע מיט לידער.

צי לייענט מען דיכטונג? מיר ווייסן ניט, ניין!
אויב שטאַרק איז דאָס וואָרט וועט עס זיכער דערגיין.

און ס'פליט אינדערהייך איבער שטויביקן צעך
אונדזער ריטמישער קלאַנג און דער ווערטער־געפלעכט.

אין פעלצן געקוטעט מיר פאָרן באַפערט,
אַ שליטוועגס אַ ווייכער אַף ווײַסרוסישער ערד...

* *
*

אַ. ק. געשאַנקען

איך קום אין געסט צו דיר אַזייגער צען,
דײַן טײַער קינד ווערט דעמלט אײַנגעשלאָפן.
איך שטרעק דיר אויס אנטקעגן ביידע הענט
און לאָז נאָך זיך די טיר אַביסל אָפן.

אַ קליינער לאָמפּ באַלויכט דעם לאַנגן טיש,
עס ליגן צײַטונגען פאַרפולט מיט נײַסן,
דער פײַער ווערט מיט טונקלקײַט צעמישט
און דורכן פענצטער—ווינטערדיקע ווײַסקײַט...

דאָס גאַנצע לאַנד רעדט איצטער וועגן ברויט
און יעדע הויז—פון נייטיקער באַזאָרגונג.
עס איז אין צימער דאָ ווי אויסגעשפּרייט
די רייד פון נעכטן און די רייד אַף מאָרגן.

דײַנ מאנ איז ערגעצ אינ א װײַטנ דאָרפ
אונ שלאָגט זיכ בלוטיק דאָרט פאר דער פארגרייטונג,
אונ ס'װערט אונדז בײדנ װי די שארפקײַט קלאָר:
ניט בלײַבנ װעט א לאנד אָנ ברויטנ.

בײגסט אָנ צו מיר דײַנ גלאט פארקאמטנ קאָפ,
דו ביזט א פרוי אונ מאכסט זיכ ניט באשײדנ.
ס'דערגײט צו מיר דײַנ טאָכטערס גוטער שלאָפ
אונ כ'שעמ זיכ אינרערהײכ עפעס צו רײדנ.

כ'קריכ צוריק ארײַנ אינ אלטנ פעלצ,
באגלײטסט מיכ ביזקל טיר װי שטענדיק,
עס װארט אפ מיר א פראָסטיק־װײַסע װעלט,
א שניי א ליכטיקער, װאָס בלענדעס...

יאנואר 1933.

נאָטע לוריע

# סאָפּ...

(א קאפיטל פון צווייטן טייל „דער סטעפּ רופט”)

עלקע רודנער האָט רײַטנדיק זיך אָנגעטראָגן אף דער יונגער בורער שקאפּע צווישן די געל־פּאַנאַנדערגעבליטע זונען־רויזן און זיך פאַרנומען מיט דעם שמאָלן גרינ־פּאַרוואָקסענעם וועג, וואָס ציט זיך אַראָפּ דער וואָראָנע־באַלקע, צום כוטער.

די הייך־צעוואָקסענע זונען־רויזן האָבן שוין געהאַט עטוואָס אַראָפּגעלאָזט די געלע קעפּ איבער דער רעכטער זײַט וועג און זיך אונטערגעוויגט אַנטקעגן דער ערעוו־פאַרנאַכטי־קער זון, וואָס האָט זיך גענומען אַראָפּלאָזן הינטער דעם הופּעלאָווער באַרג.

און אַנטקעגן, איבערן סאַמע אַרופ־באַרג, וואָס איז אופגעריסן געוואָרן אף שוואַרצ־פּאַר זײַנען פון ערגעץ אַרויסגעשווומען לילעווע וואָלקנס. די לילעווע וואָלקנס האָבן זיך אַראָפּ־געלאָזט נידעריק איבער דער פריש־אופגעריסענער שוואַרצ־ערד, וואָס האָט זיך געדיכט געראויכערט אפן סאַמע אַרופ־באַרג, און ס'האָט אויסגעזען, ווי די וואָלקנס וואָלטן זיך אָט־אָט אָנרירן אָן די נאָך ניט פאַרבאָראָנעוועטע שוואַרצע הרודעס ערד. העכער אביסל איבערן הימל האָבן זיך די וואָלקנס איבערגעגאָסן אין ראָזעלעכע און בלאָוועלעכע פאַרבן און זיך פאַרנומען אהער, איבער דעם ערעוו־פאַרנאַכטיקן סטעפּ צו די געדיכטע, געל־פּאַנאַנ־דערגעבליטע זונען־רויזן און געוואָרפן א קילן, טונקל־גרינעם שאָטן איבערן דערבײַיִקן פּיריי, איבער די גלאַנציקע אַראָפּ־באַרגיקע באַשטאַנעס. דער טונקעלער שאָטן, וואָס איז געפאַלן פון די נידעריקע וואָלקנס, האָט זיך גערוקט איבערן סטעפּ אַלץ נעענטער און נעענטער אהער צו דעם שמאָלן, גרינ־פּאַרוואָקסענעם וועג.

עלקע האָט זיך האַסטיק געטראָגן צווישן די געלע זונען־רויזן אף דער יונגער בורער שקאפּע און געפילט עפּעס אַן אומבאַוווסטע אומרויִקײַט אין אַלע גלידער. עס האָט איר אַלע ווײַלע פאַרכאַפּט דער אָטעם, ווי ס'וואָלט זי געשטיקט דער פאַרנאַכטיק־זאַפטיקער גערוך, וואָס האָט זיך געדיכט געטראָגן פונעם בערגיק־ברייטן עטוואָס אונטערוויגנדיקן סטעפּ. דער פרישער צוויט־גערוך האָט זיך געטראָגן פון די געלע זונען־רויזן, פון די געדיכטע ווײַס־באַקווייטלטע קאַרטאָפל, פון די אַראָפּ־באַרגיקע גרינע באַשטאַנעס און פון דעם בלוי־אויגיקן לײַן, וואָס האָט זיך איבערגעגאָסן אין דער באַלקע... דער גערוך האָט זיך געטראָגן פונעם גאַנצן אַרומיקן סטעפּ פונקט, ווי די קאָלערליי קווייטן וואָלטן איצט פאַנאַנדערגעלאָזן זייערע דופטיקע צוויטן און פול אַרויסגעאָטעמט פון זיך די זאַפטן פון דער שוואַרצ־ערד, פון דעם צאַפּלדיקן גרינעם וווקס, פון דער אונטערוויגנדיקער דורכ־זיכטיקער בלוּיִונג.

די בורע האָט זיך אײַנגיכן דיס געטראָגן מיט דעם שמאָל־פּאַרוואָקסענעם וועג און עלקע האָט זיך אונטערגעהייבן גיך, גיך אַפן אָפּגעריבענעם זאָטל און אַלע ווײַלע זיך אָנגעכאַפּט מיט דער לינקער האַנט פאַר די ביידע עטוואָס שטײַפּ־אונטערוויגנדיקע ברוסטן, ווי ס'וואָלט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם. זי האָט געפילט, אַז די שמאָל־בלאָוולעכע קלייד האָט זיך באַ איר פאַרשאַרט העכער אַביסל איבער די פולע נאַקעטע קני. זי וואָלט באַדאַרפט די קלייד עטוואָס כאָטש אַראָפּרוקן, נאָר אַף דעם גרינ־פאַרוואָקסענעם וועג איז סײַווי קיינעם ניט צו זען. פון ביידע זײַטן שמאָלן וועג פאַרשטעלן זי ביז העלפט די זונען־רויזן, זיי דערלאַנגען אַזש מיט דער געלער דורכזיכטיקער בליִונג דער בורער ביז איבער דער מאָרדע און איר איז אַזוי בעסער, ס'איז איר פרײַער צו זיצן...

מיט דער הייסער פוס האָט עלקע אונטערגעקלאַפּט דער בורער סאַמע אונטערן בויך, זי זאָל גיכער לויפן. ס'האָט זיך איר געוואָלט, עלקען, שוין וואָס גיכער זיך אָנטראָגן אין כוטער, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט פאַרשפּעטיקן מיט די נײַס, מיט וועלכע זי איז איבערגעפולט.

די בורע איז קאָנטיק שוין געווען מיד. מיטן האַרטלעכן עק האָט זי געשמיסן די גרויסע בלאָוולעכע סטעפּ־פליגן, וואָס האָבן זיך איר געזעצט אַפן סאַמע רוקן. נידעריק צו דער ערד האָט זי גיך געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַרויסגעשלאָגן אַ ווײַסן קלעפּיקן שוים דורך די פעניקע נאָזלעכער.

עלקע האָט פון איבער די פאַנאַנדערגעבליטע זונען־רויזן געקוקט אַפן אַרומיקן סטעפּ, און ס'האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ פאַרגעניגנדיקער אומרו, וואָס זי האָט שוין לאַנג־לאַנג ניט געפילט. זי האָט אינערלעך צופרידן אַ טראַכט געטאָן וועגן זיך אַליין, מיט אָפּשײַ, ווי וועגן אַ צווייטער: אָט טראָגט זי זיך, כאָנע־לייב דעם באָנדערס מיידל איבער בוריאַנאָוואָקער סטעפּ, זי טראָגט זיך פון רײַפּאַרטקאָם אין כוטער, וווּ זי האָט אויפגעהייבן די אַלטע כוטעראַנצעס און אויפגעריסן צוזאַמען מיט זיי די דוירעסדיק־פאַרוואָקסענע מעזשעס...

און איר דוכט זיך, אַז זי זעט, ווי איבערן גאַנצן סאָוועטנלאַנד זײַנען איבער די כוטערעס צעוואָרפן אַזעלכע פאַרטייער, ווי זי, זיי טראָגן זיך אַרום, ווי זי, איבער די קאָלווירטישע סטעפּעס און בויען אין גרונט איבער די כוטערעס... הייסט עס, אַז זי איז איינע צווישן זיי!... און זי דערפילט זיך שטאָלצער,—כײַ וואָלטן די אַרומיקע כוטערעס אַ קוק טאָן סאַראַ סטעפּ דאָ איז אויפגעגאַנגען באַ איר אין קאָלווירט, וווּ זי פירט אָן מיט דער גאַנצער אַרבעט. זי האָט ביז איצט זיך אַליין גאָרניט באַמערקט. זי האָט פאַרגעסן וועגן אַלץ. נאָר איצט, אָפּפאָרנדיק אָנאַזײַט, האָט זי דערזען, וואָס עס טוט זיך באַ איר אין קאָלווירט, און זי האָט זיך דערפילט עפּעס אַסאַך וויכטיקער און דרייסטער,—נישקאָשע, הײַדאַ!...—האָט זי אַ טיוקע געטאָן צו דער בורער,—מיר וועלן דאָ נאָך ערשט אַן אַרבעט טאָן, עי, דו... אַך סאַראַ לעבן,—האָט זי ברייט אַן אָטעם געטאָן און ס'האָט זיך איר פאַרוואָלט, אַז עמיצער זאָל איצט אַהער אָנפאָרן פון פאַרטיי־קאָמיטעט, צי כאָטש פון קאָוואַליעווסק, אָדער נאַזאַרעוויטש, זאָלן זיי אַ קוק טאָן אַפן סטעפּ...

אונטערהייבנדיק זיך האָט עלקע צופרידן פאַרוואָרפן די בלאָנדע האָר אַף הינטער און זיך אומגעקוקט אַפן הופּאָלעווער באַרג, וואָס האָט זיך אַרויסגעשניטן אַנטקעגן דעם וועג.

אַפן באַרג האָבן זיך פון דער רעכטער זײַט, אַנטקעגן עלקען, געהייבן די געל־באַגרײַפלטע זון־רויזן, און פון אונטערן שוואַרצן באַרג איז גאָר נידעריק געשווומען אַ פלאַמיק־לילעווער וואָלקן. עלקע האָט געקוקט אַהין און איר האָט זיך אויסגעדוכט, ווי אַפן סאַמע אַרופּ־באַרג האָט אַ הייכער גרין־באַבלעטערטער זונען־רויז מיט זײַן געל־

פאַנאַנדערגעבליטן קאָפּ פאַרטשעפּעט זיך אָן דעם פלאַמיק־לילעוון וואָלקן. דער פאַנאַנדער־געבליטער הייכער זונען־רויז האָט זיך עטוואָס אַ שאָקל געטאָן, עס האָבן זיך, דוכט זיך, אַראָפּגעשאָטן עטלעכע לענגלעכע געל־דורכזיכטיקע צווייט־בלעטלעך און אַ טראָג געטאָן זיך אַהער צו עלקען.

עלקע האָט זיך גיך, גיך אונטערגעהייבן אַף דער בורער און דערשפּירט ווי עס פאַר־טשעפּען זיך אַלע ווײַלע אירע ביידע שטײַפע ברוסטן עטוואָס אָן דער ענגער גרינער קאָפטע. זי האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פונעם הייכן זונען־רויז, וואָס אויפן סאַמע אַרויף־באַרג, געפילט אַלץ שטאַרקער די אומרויִקײַט און אַליין קלאָר ניט געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר מיט איר.

צי זי איז אומרויִק דערפון, וואָס די זונען־רויזן האָבן זיך אַזוי געראָטן צעבליט איבער זייער סטעפּ, אַף דער ערד, וווּ זי האָט אַליין דורך טאָג און דורך נאַכט אונטער די וועסנע־רעגנס אָנגעפירט מיטן אַקערן, מיטן זייען און נאָכדעם מיטן פּאָליען... צי עפּשער פון דעם, וואָס זי פירט איצט מיט זיך אַ באַשלוס פון רײַפּאַרטקאָם וועגן אַריבער־פירן קיין בוריאַנאָווקע דעם דאָרפראַט און וועגן בויען אַ פּוטער־זאַוואָד, וואָס זאָל באַ־דינען די אַרומיקע כוטערס...

---

באַם פאַרקערעווען פון זונען־רויזן־קלין, אונטער סאַמע אַראָפּ־בערגל, איז עלקען, אומדערוואַרטעט, אַנטקעגן אָנגעפאָרן אַף דער גרינגער באַדאַרקע יודל פּיסקון. ער איז געפאָרן טראָט באַ טראָט, ווי ער וואָלט שטילערהייט עפּעס באַכעזשבנט. אַליין איז ער געזעסן עטוואָס אָנאַזײַט, אָנגעשפּאַרט, מיט אַ האַלב אַרויסגעוואָרפענער פוס איבער דער ראָד און אונטערגעפײַפט. ווען יודל האָט פּלוצים אַנטקעגן אויפן וועג דערזען עלקען, האָט ער אַרײַנגענומען די פוס אין באַדאַרקע, צעטומלט אָנגעהייבן ציִען די ווישקעס, אַ שמיץ געטאָן דאָס פערדל איבער די סאַמע אויערן און הייך אויסגעשאָלטן זיך:

— פר־ר־ר־ר... די כאָליערע זאָל דיך אויסקײַקלען, שטיי, פּאַדלע...—ער איז פלינק און צעפּודזשעט אַראָפּגעשפּרונגען פון דער גרינגער באַדאַרקע און צוגעבונדן די שטריקענע ווישקעס צו דער ראָד.

— שוין צוריק... אַבי כ'האָב נאָך נעכטן אַרויסגעקוקט...—האָט באַ אים אונטערגעצי־טערט די פאַרשניטענע שוואַרצע וואָנצ,—אַזוי גיך עפּעס...—האָט ער אַף איר מאָדנע אַ קוק געטאָן.—וואָס־זשע... וואָס־זשע הערט זיך עפּעס?...

עלקע האָט זיך אויסגעגלײַכט און דערפילט עטוואָס אַ מידקײַט. זי האָט אים ניט גע־ענטפערט, ווי זי וואָלט אינגאַנצן ניט געהערט, וואָס ער האָט גערעדט צו איר.

זי האָט צוגעהאַלטן דאָס שמאָלע בלאָוולעכע קליידל און אַראָפּגעשפּרונגען פון דער בורער.

— וואָסי אויפן בוטער, מע דרעשט?...—האָט זי גיך, אומגעדולדיק אַ פרעג געטאָן,—מע דרעשט, האַ?... די מאַשין אַרבעט. זי אַרבעט, דוכט זיך, הער איך.—זי האָט אָנגעשטרענגט דעם אויער, ווי זי וואָלט געהערט אַ ווײַטן טומל פון דער דרעש־מאַשין.—און מיטן פאַר אי וואָס?...

— וואָסי שײַעך, מע דרעשט,—האָט יודל אָ צי געטאָן די פאַרשניטענע וואָנצ,—נאָר וואָס קומט אַרויס... שטרוי האָבן מיר אַסאַך, אָבער ניט קיין ברויט. נו, און מיטן פאַר, מיטן פאַר איז שלעכט. וואָסי שײַעך, דו וועסט קומען וועסטו שוין אַליין זען...

— וואָס?!—האָט עלקע מיטנ גרינעמ קעמעלע גיכ פארקאמט די האָר. זי האָט זיכ אויסגעגלײַכט אונ דערפילט, אז עפּעס האָט אינעווייניק געפּלאצט אפ איר,—הייסט עס, מע דרעשט זאָגסטו... אונ וועגנ דער שטרוי,—זי האָט א קוק געטאָנ אפ אימ,—וועגנ דער שטרוי וועלנ מיר באלד אָקאָרשט זענ, וואָס איז דאָרט בא דיר... זיי שטייענ אפנ בערגל, דוכט זיכ, הער איכ... אונ וואָס איז דאָס מיטנ פאר, דו זעסט וואָס טוט זיכ שוינ אפנ הופעלאָווע,—האָט זי אָנגעוויזנ אפנ שווארצ־ערד, וואָס האָט זיכ גערויכערט אפנ בארג.

— וואָסי שײַעכ, גיי טו עפּעס מיט זיי, מיט די פוליאקעס,—האָט ער אויסגעשפּיגנ אונ זיכ אָנגעשפּארט אָנ דער באדארקע.

פונ דער רעכטער זײַט באדארקע איז פונ דער גרויסער ראָד געפאלנ א האלב קײַלעכ־דיקער שאָטנ איבער דעמ געדיכטנ גראָז. מיטנ דינעמ בײַטש־שטעקל פונ יונגנ ברוינעמ ווײַנשל־בוימ האָט יודל פאמעלעכ געפירט איבער דעמ שאָטנדיקנ גראָז אונ געביסנ זיכ די וואָנצ. נאָכדעמ האָט ער פונדערזײַט גיכ א קוק געטאָנ אפ עלקענ.

— איז וואָס־זשע הערט זיכ דאָרט... האָסט עפּעס וואָס צו דערציילנ, א, ניט?...

— ס'הערט זיכ,—האָט עלקע ניט ווילנדיק אימ געענטפערט אונ געפילט, אז זי קאָנ זיכ ניט אײַנהאלטנ,—ס'וועט אינגיכנ זײַנ נײַס, גרויסע נײַס וועט בא אונדז זײַנ,—זי האָט אָנגענומענ דער שקאפע בא דעמ ביינערדיקנ קאָפּ אונ זי גענומענ גלעטנ אונטער דער מאָרדע.

— נײַס?—האָט בא יודלענ שטיל א ציטער געטאָנ די וואָנצ,—וואָס פאר א נײַס... מע קאָנ וויסנ, צי עפשער...—ער האָט געפילט, אז אימ איז עפּעס קאלאמוטנע געוואָרנ אפנ הארצנ. ער האָט פײַנט נײַס. זאָל כאָטש גיינ ווי ס'איז. ער האָט א קוק געטאָנ אפ עלקענ, ווי ער וואָלט וועלנ דערקאָנענ עפּעס. ס'מוז געוויס האָבנ א שײַכעס צו אימ. געוויס, א בראָכ זיי אונטערנ הארצנ... וואָסי, ער ווייס ניט, אז זי איז געוואָרנ אינגאנצנ אנדערש, די קלאפטע.

— ברעכט זי דעמ קאָפּ, כ'פארלייג אפ זיי,—האָט ער א טראכט געטאָנ אונ עטוואָס פארביסנ זיכ אָפּגערופנ:

— וואָס... עפּעס פריילעכע נײַס, צי ס'איז א סאָד עפשער...

— פריילעכע... פארשטייט זיכ,—האָט עלקע א קוק געטאָנ אפ דער בורער,—נו, מירנ פאָרנ,—זי האָט פארוואָרפנ דעמ ציימל איבערנ האלדז,—וואָס, פראָדוקטנ האָסטו דאָרט ארויסגעגעבנ?

— וואָסי צו פרעגנ, אליינ טו איכ גאָרניט. האָסט דאָכ געהייסנ. וויבאלד דו האָסט געהייסנ, איז וואָסי שײַעכ...

עלקע האָט אפ אימ מאָדנע א קוק געטאָנ.—וואָס לאָזט זי אימ זיכ נאָכ אלצ ארומ־דרייענ אינ דער פארוואלטונג,—איז בא איר דורכגעלאָפנ א געדאנק,—מע דארפ גאָר ארויסרוקנ אלט ווירטשאפט־פארוואלטער כעמע טראסקונ, וואָס טיערפעט זי דאָס נעפעשל. שוינ לאנג צײַט ארויסצוטרייברנ...

— עי, דו,—האָט זי א פאטש געטאָנ דער בורער שקאפע איבער דער מאָרדע. — די שקאפע האָט אופגעציטערט אונ אָנגעהייבנ פאָרשקענ מיט די נאָזלעכער. זי האָט דורכ די נאָזלעכער ארויסגעקלאפט א געדיכטנ קלעפּיקנ שוימ ווי זייפ־מעלינקעס אונ באשפּריצט עטוואָס עלקענ.

— זע... פאמעלעכ!...—האָט יודל זיכ א כאפ געטאָנ,—קודי!...—האָט ער מיט דעמ בײַטש־שטעקל אָפּגעטריבנ דער בורער,—וויש אָפּ... וויש אָפּ, דאָרט סאמע אונטער דער ליפּ... בעסער... גוט וויש אויס...

עלקע האָט מיט דער האַנט אָפּגעווישט די ליפּ און פריילעך א קלאַפּ געטאָן דער שקאַפע איבער דעם האַלדז.

— עי, דו... נעם צו די מאָרדע!...

יודל איז געבליבן פונדערווייטנס שטיין אַנטקעגן עלקען און זיך מאָדנע אײַנגעקוקט, ווי ער וואָלט וועלן זיך דערקונדיקן, צי זי האָט גוט אָפּגעווישט, צי ניט.

— וואָס קוקסטו אַזוי?...—האָט עלקע זיך האַרטער אויסגעדרייט צו אים.

— גאָרניט...—יודל האָט עטוואָס פאַרזשמורעט דאָס לינקע אויגל אף דער בורער שקאַפע.—ס'גוט אָפּגעווישט דאָרט... גאָרניט...—די וואָנצ האָט פריילעך בא אים א ציטער געטאָן.

— האָסט געהערט שוין מיסטאָמע וואָסי שײַעך... מיסטאָמע ווייסטו שוין די יאַניסי־לער נײַס... פּופּציק פערד זײַנען דאָרט פאַרסאַפּעט געוואָרן, פּופּציק פערד...

— וואָס?!—האָט עלקע זיך א כאַפּ געטאָן,— פּופּציק פערד?... פאַרסאַפּעט... פונוואַנען ווייסטו דאָס, ווער... ווו האָסטו געהערט?...

— וואָסי שײַעך,— האָט יודל געלאָזן זיך אָפּגערופן,— אַז איך זאָג, איז מיסטאָמע ווייס איך... ברעכן זיי די קעפּ. מיילע די פערד ווי די פערד...— ער האָט פון דער זײַט מיטן לינקן אויגל א קוק געטאָן אף דער בורער,— אין יאַניסעל האָבן זיך דאָרט אַרום די פערד פאַרזאַראַזעט דרײַ גאָים... וואָסי שײַעך דאָ צו דערציילן, קענסט זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס דאָרט האָט זיך געטאָן, אַז מע האָט זיי באַדאַרפט צעסאַמען... וואָס ס'האָט זיך געטאָן.. דער גאַנצער כוטער האָט געוויִעט!... נו, די פערד ברעכן זיי די קעפּ, דאָס איז א קליי־ניקײַט, מע האָט זיי גלײַך אַוועקגעלייגט...

בא עלקען האָט אונטערגעציטערט די צוים אין דער האַנט, זי האָט זיך גיך א וויש געטאָן די ליפּ דאָרט, ווו די שקאַפע האָט זי באַשפּריצט.

— און מיט די מענטשן... וואָס?...

— די מענטשן... כ'ווייס,— איז יודל אָפּגעגאַנגען אָנאַזײַט און אָפּגעבראָכן א זונען־רויז,— וואָס פרעגסטו נאַרישקײַטן,— האָט ער מיט דער האַנט א ריר געטאָן די געלע גרײַפּעלעך,— דו ווייסט וואָס ס'הייסט סאַפּ... איין שפּריץ און פאַרטיק. וואָס זאָגסטו אפן סאָלנעשניק, האַ? האָט ער פון דער זײַט א קוק געטאָן אף עלקען,— נו, און די מענטשן... די מענטשן האָט מען געסאַמט... מיט גוואַלד האָט מען זיי געסאַמט.

— געסאַמט?!- האָט עלקע זיך א כאַפּ געטאָן און אפן הייכן קײַלעכדיקן שטערן האָט זיך אָפּגעלייגט א דינער קנייטש.

— ברעכן זיי די קעפּ,— האָט יודל אַרײַנגעוואָרפן דעם זונען־רויז אין באַדאַרקע,—זיי דאָרט אַן אָרט... גיי אָפּ... וואָס שטייסטו לעבן דער מאָרדע,— האָט ער א שלעפּ געטאָן עלקען פון דער שקאַפע און מיט כשאַד ווידער א קוק געטאָן אף איר פולבלעכער ליפּ, ווו ס'איז געווען באַשפּריצט,— דו פירסט אונדז, זאָגסטו, דאַכט זיך, פריילעכע נײַס...

— האַ?—האָט עלקע פאַרהערט,—וואָסטו געזאָגט... ווען ביסטו דאָרט געווען אין יאַ־ניסעל?

— וואָסי שײַעך דאָ זײַן, אַזוי האָב איך געהערט... און ווײַטער כ'ווייס... זי סלינעט עפּעס בא דיר,— האָט ער זיך ווידער א קאָסע געטאָן אף דער בורער שקאַפע,— קודי, אין דער'ערד,— האָט יודל פון דער ווײַטן אָפּגעטריבן זי מיטן בײַטש־שטעקל,—נו איכל פאָרן,— ער האָט ווידער עפּעס מאָדנע א קוק געטאָן אף איר ליפּ, אויסגעשפּיגן און זיך געלאָזט צו דער באַדאַרקע.

— איז וואָס זאָגסטו אפ די סאָלנעשניקעס,— האָט ער זיכ ארופגעכאפּט מיט דער פוס אפ דער ראָד—גוט,—הא? כ׳פאָר צו צו די באשטאנעס, האָסט כאָטש דאָרט געזענ אונדזערע באשטאנעס?...

עלקע האָט אים גאָרניט געענטפערט. זי האָט מיט דער לינקער האַנט צוגעהאַלטנ די בלאָווליכע קלײד אינ דער סאמע מיט, ארופגעכאפּט זיכ אפ דער בורער אונ זיכ צעיאָגט אינ האסטיקנ ריס, ווי זי וואָלט וועלנ אנטלויפנ פונ יענעם אָרט, ווו זי איז אָקאָרשט געשטאנע לעבנ יודלענ.

עלקע האָט פּלוצים דערפילט, אז עפּעס האָט זיכ בא איר מיטאמאָל אָפּגעריסנ סאמע אונטערנ הארצ. ס׳איז איר שוידערלעכ שווער צו אָטעמענ אונ ס׳האָט זי ארומגעכאפּט א נודנע ברעכעניש אינ די פּיס אונ אינ די עלנבויגנס. זי האָט אלצ אונטערגעיאָגט די שקאפּע אונ אלײנ ניט געוווסט, וואָס עס קומט פאָר מיט איר, וואָס איז דאָס איר אזוי פּלוצים מיטאמאָל שווער געוואָרנ אפנ הארצנ. דוכט זיכ, די זונענ־רויזנ בוקנ זיכ אלצ אזוי מיט די געלע קעפּ אנטקעגנ דער אונטערגײענדיקער זונ. דער הימל איז איבערנ סאמע שווארצנ בארג נאָכ רויטער געוואָרנ, זיכ צעלאָזנ אינ פּורפּור אונ גיסט זיכ איבער אינ קאָלערלײ ראָז־בלאָווליכע קאָלירנ, אונ דער באשלוס פונ רײַפּארטקאָם איז דאָכ א זיכע־רער, געוויס... נאָר עלקע פילט דאָכ, אז עפּעס דריקט זי. זי קאָנ זיכ ניט דערמאָנענ, וואָס דאָס איז אונ פונוואנענ ס׳האָט זיכ פּלוצים גענומענ.

מיטאמאָל האָט זי באמערקט, ווי בא דער בורער האָט א שלאָג געטאָנ א ווײַסע שוים פונ די נאָזלעכער, זי האָט אופגעציטערט.

— סאפּ... סאפּ...— זי האָט אָנגעהײבנ שפּײַענ אונ ווישנ זיכ מיט דער האַנט די אויב־ בערשטע ליפּ,— סאפּ,— האָט זי א בורטשע געטאָנ אונ זיכ דערמאָנט, אז אמאָל, ווענ זי איז נאָכ געוועזנ א קינד, זײַנענ אפ זײער כוטער פארסאפּעט געוואָרנ שלוימע־קאלמענס בײדע ראבע פערד. די פערד האָבנ שטארק געשוימט דורכ די נאָזלעכער, ווי זײ וואָלטנ געקראָגנ א פאסקודנעם קאטער. זי געדענקט, ווי מ׳האָט די סאפּאטע פערד ארויסגעפירט פאָרזיכטיק הינטערנ כוטער צו דער פאדלע־באלקע אונ צעשאָסנ דאָרט. נאָכדעם האָט שלוימע־קאלמענ מיטאמאָל אָנגעהײבנ סלינענ...

בא עלקענ לויפט דורכ א גרויל איבערנ לײַב אונ זי ציט אָנ פּעסט, מיט בײדע הענט די צוים,— עס קאָנ ניט זײַנ,— גיט זי א טראכט,— ווי קומט איצט אפ אונדזערע כוטערס סאפּ, ווי קומט עס אהער... נאָר פאר אירע אויגנ וואקסט אויס פּלוצים אפנ וועג שלוימע־ קאלמענ. ער ריטשעט אונ וויעט איבערנ סטעפּ. פונ דעם שטארק קלײַענדיקנ פּאָנעם שטארטשענ בא אים ארויס מעוולוועלע גרויע אויגנ אונ איבער דער אונטערשטער גראָב־ אופגעלאָפּענער בלאָווער ליפּ סלינעט זיכ א ווײַס קלעפּיק ריטשקעלע... עלקע פארווארפט אפ הינטנ די בלאָנדע האָר, ווי זי וואָלט וועלנ אָפּטרײסלענ פונ זיכ די געדאנקענ אונ זי דערפילט, אז ס׳האָט בא איר ארויסגעשלאָגנ א קאלטער שווײס אפנ שטערנ. מיטנ האַנט ווישט זי זיכ נאָכאנאנד די ליפּ, ווי דאָרט וואָלט עפּעס געוועזנ,— מאלע וואָס ער וועט דערצײלנ,— גיט זי א טראכט וועגנ יודלענ,—דער רוגעכ זאָל אים נעמענ, אלע נײַסנ צעטראסקעט ער דאָ... ניט געזענ, ניט געהערט, נאָר ער ווײס, אלצ ווײס ער... אינ רײַאָנ ווײס מענ ניט אונ ער ווײס אלצ. ווענ עפּעס וואָס, וואָלט מענ אינ רײַאָנ שוינ זיכער געוווסט,— זי האָט פאריסנ דעם קאָפּ איבער דער גריווע,— עפּשער סלינעט זי שוינ ניט—איז בא איר דורכגעלאָפנ א געדאנק,—נאָר פונ דער מאָרדע, פונ די נאָזלעכער האָט

אַלץ געקלאַפּט אַ געדיכטער שוים. עלקע גיט אַ ריב די ליפּ, שפּײַט אויס און כאַר איר וואַקסט ווידער אויס שלוימע־קאַלמען...

זי האָט זיך דערמאָנט, ווי מע האָט אים אַרויסגעפירט אַ צעטומלטן פון הויף. מע פירט אים צעשיסן. פון מויל סלינעט בא אים אַ ווײַס ריטשקעלע, נאָר ער פאַרשטייט נאָך גאָר־ניט. וואָס עס קומט פאָר מיט אים. ער ווייס נאָך אַפילע ניט, אַז ער איז פאַרסאַפּעט... מ׳טאַמאָל גיט ער אַ ציטער און הייבט אָן וויען, ווי ער וואָלט זיך געכאַפּט, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. ער כאַפּט זיך אָן פאַר דעם צעשויבערטן קאָפּ, הייבט אָן ווילד ריטשען און שפּרינגען איבער די בלאָטיקע קאַנאַוועס... ווי אַ ווילדע כײַע, וואָס פילט, אַז אָט, אָט פריטשמעליעט מען זי, וואַרפט ער זיך אין אַלע זײַטן. ער שפּרינגט און רעוועט, ווי אַ ניטדערקוילעטער אָקס, לויפט איבער די הויפן, איבערן סטעפּ און שרײַט עפּעס מעשונע ווילד, ווי ער וואָלט זיך אָקאָרשט געדירט פון זינען...

עלקע פילט, אַז עס נעמט איר דורך אַ ציטער דורך דער גאַנצער לײַב,—אַך, פאַרברענט זאָל דאָס ווערן,— גיט זי פאַרביטערט אַ טראַכט,—אויך אַ לעבן.

— סאַראַ אַן אומזין דאָס איז—ס׳אַראַ אַן אומזיניקער טויט...— איז איר דורכגעלאָפן אַ שרעקלעכער געדאַנק.

— ניין, זי טאָר וועגן דעם גאָרניט טראַכטן. ס׳הייבט זיך אַפילע ניט אָן,— האָט זי זיך געפּרוּווט גרינגער מאַכן,— מאַלע וואָס אַ שקאַפּע שוימט. מע יאָגט זי. שוימט זי...

— זי האָט זיך פאַרקוקט אַפן אַרומיקן פאַרנאַכטיקן סטעפּ, און ס׳האָט זיך איר געוואָלט אײַנגאַנצן פאַרגעסן אין דעם, פונקט, ווי ס׳וואָלט גאָרניט געטראָפן.— שאַ, וואָס דאַרף איך נאָך הײַנט טאָן?— פּרוּווט זי זיך דערמאָנען,— נאָר אַפן געדאַנק קומט איר ווי־דער יודל— פּופּציק פערד אַוועקגעלייגט... און די מענטשן...

—ניין, ס׳הייבט זיך ניט אָן. וואָס הייסט, פּופּציק פערד, און אין רײַאָן וואָלט מען ניט געוווּסט,— גיט זי זיך אַ ריב די אויבערשטע ליפּ,— אין רײַאָן וואָלט מען גלײַך אַפן אָרט געוווּסט, גיכער שטעקט דאָ עפּעס אַנדערש וואָס... איז איר דורכגעלאָפן אַ געדענק,— זי האָט פריילעכער אַ קוק געטאָן אַפן טונקל־גרינעם סטעפּ און פרײַער אָפּגעאָטעמט.

— נישקאָשע,— האָט זי פריילעך אַ קלאַפּ געטאָן די שקאַפּע איבער דעם פאַרשוויצטן האַלדז, ווי זי וואָלט איצט דערפילן אַ באַזונדער נאָענטקײַט צו דער בורער.— נישקאָשע, מיר וועלן נאָך דאָ ערשט אַן אַרבעט טאָן!...— זי האָט דערפילט, ווי ס׳וואָלט זיך בא איר אַראָפּגעקײַקלט אַ שווערער שטיין פון האַרצן. עס האָט נאָך אָפּגעגעבן מער ניט עטוואָס מיט ווייטיק, ווי נאָך אַ ווונד.

עלקע האָט אַ קלאַפּ געטאָן די שקאַפּע אונטערן בויך און זיך האַסטיק אופגעהייבן אַפן סאָלאָקע־בערגל.

פונעם בערגל האָט מען שוין געזען, ווי מע דרעשט.

---

יודל פּיסקון האָט זיך פאַמעלעך אַפּ דער באַדאַרקע געלאָזט מיט דעם שמאָל־פאַר־וואַקסענעם וועג צו די באַשטאַנעס. די רעסאָרן פון דער באַדאַרקע האָבן אונטער־געסקריפּעט און ער האָט זיך מיט דער סטולעוואַטער פלייצע אָנגעשפּאַרט אָן ווינקל, עטוואָס אַרויסגעוואָרפן די פוס מיטן נידעריקן שטיוול און אונטערגעפּײַפט. יעדן מאָל, ווען ער פלעגט איינער אַליין אַרויספאָרן מיט דער באַדאַרקע פונעם כוטער און אָפּפאָרן אַלץ

ווײַטער פון באקאנטע מענטשן, האָט ער זיך געפילט וווּנדערלעך גוט. יודל האָט ברייט זיך אויסגעצויגן אין באדארקע און צופרידן אונטערגעשמיסן דאָס פערדל.

דער רעסאָרן־וועגל האָט זיך אונטערגעוויגט און אים האָט זיך אָנגעהייבן דוכטן, אז אָט ער, יודל פיסקון, איז דער באלעבאָס דאָ איבערן גאנצן סטעפּ... דאָס פאָרט ער איצט פארבײַ זײַנע סאָלנעשניקעס צו די אייגענע באשטאנעס, דאָרט דרעשן ערגעץ מענטשן זײַן ברויט. ער איז באלעבאָס דאָ איבער דער ערד, איבער דער טווע, איבער די פערד, איבער די בעהיימעס און איבער די מענטשן, ווי אמאָל... זיי מוזן ווידער אָנקומען צו אים, די נאהײַצעס... און ער פילט, אזא פארגעניגן, אָט דאָ אפּ דער גרינגער קאָלווירטישער באדארקע...

יודל פארזשמורעט אביסל דאָס לינקע, עטוואָס קלענערע אויגל, און פײַפט אונטער זײַנס זיידנס א ניגן. דער צעצויגענער ניגן דערמאָנט אים אָן אמאָל, אָן די שיינע זוניקע טעג אפּן כוטער, אָן זײַן הויף, אָן די מאריופּאָלער מערק... און ס׳כאפּט אים ארום א נאָגנדיקע בענקשאפט.

— ברעכן זיי די קעפּ,— גיט יודל א צי די ווישקעס אפּ רעכטס,— איך פײַף איצטער אויך אפּ זיי, ווי לאנג קרענקען זיי...

ער שטעלט אָפּ דאָס פערדל, שלעפּט ארויס פון אונטער דעם שויס־ברעטל א שטיק קעז, פוטער, און ווייצן־ברויט. שטעלט זיך מיט די נידעריקע שטיוועלעך אפּ דער באדארקע און קוקט זיך ארום, צי קיינער זעט אים ניט ארויס פון צווישן די זונענרויזן.

— פארשטייט זיך, אז קיינער זעט ניט.

ער לאָזט דאָס פערדל גיין גאָר, גאָר פאמעלעך און נעמט זיך עסן.

באם עסן דערמאָנט זיך יודל אָן עלקען. עס גיט בא אים א ציטער די וואָנצ. פון דער שפּיץ וואָנצ פאלט אראָפּ א שטיקל קעז. יודלען געפעלט אליין דער אײַנפאל מיט די סאפּאטע פערד.—א קרענק איר אונטערן בויך... ער וואָלט איצט מער ניט וועלן א קוק טאָן, ווי זעט זי אויס די קלאפּטע, ווײַס, צי שווארצ. ניין, זי וועט מיר ברענגען נײַס, וועט זי מיר ברענגען?...—ציטערט בא אים די אויבערשטע צעשפּאָלטענע ליפּ,— כ׳ל איר, דוכט זיך, גיכער אריבערפּאָטערן... ער דערמאָנט זיך אין דער קאוואליעווסקער באלקע און קוקט זיך מיט שרעק ארום אין אלע זײַטן,— ווי לאנג כאָליעט זי, א באלעבאָס געוואָרן דאָ... לאנג וועט זי דוכט זיך דאָ בא מיר ניט אָרודעווען... ער עסט אָפּ, ווארפט ארויס א פעטן פאפיר און ווישט אָפּ די וואָנצ. נאָכדעם לאָזט ער גיכער דעם פערד. נעמט זיך אפּ רעכטס מיטן פּירוי און גיט צופרידן א טראכט.

— א קרענק וועלן זיי שוין, דוכט זיך, בא איר דרעשן... ביז וואָס, וועט מען דארפן אָקאָרשט דעם ברויט פונעם סטעפּ... קודי!—גיט ער שמיץ דאָס פערדל איבער די סאמע אויערן און עס פאלט אים אײַן א נײַער געדאנק. ער קוקט זיך פאָרזיכטיק ארום, צי קיינער פאָרט אים ניט נאָך און פארנעמט זיך מיט דעם קאטראנ־וועג, צום דערבײַיקן הינטערבארגיקן כוטערל...

---

עלקע רודנער איז אפּן בערגל צום הארמאנ צוגעריטן פון הינטער דער אויסגעדראָשענער שוין היפשער סטערטע שטרוי. די סטערטע האָט זיך געצויגן לענגויס דער סאמע ארופּ בערגל, קעדיי עס זאָל אין א רעגן קאָנען אָפּרינען דאָס וואסער. בא דער אונטערגייענדיקער פורפור־זונ האָט איבער דער ניטארומגעגראבלטער סטערטע גערונען גאָלד,

און עס האָט פונדערווײַטן אָפּגעגעבן מיטן גערוך פון פרישער פּאַלאָווע, מיט שטארק אײַנגעטריקנטן קאטראַן און ווילדער באַבקע. ארום דער סטערטע, פארטשעפּענדיק דעם טונקעלגעם שאָטן, וואָס האָט זיך געשפּרייט פון איר, זײַנען געשטאַנען צעוואָרפן ליידיקע אויסגעשפּאַנטע הארבעס מיט פאַריסענע דישעלס און אראָפּגעלאָזטע טונקעלע לייטערס, די לייטערס האָבן זיך עטוואָס אונטערגעוויגט און צווישן די דראָטן האָבן זיך איבער דער ערד נאָכגעשלעפּט טרוקענער בוריאַן און ווייץ־זאַנגען.

פון יענער זײַט הארמאַן האָט זיך געטראָגן א הודזשען פון דער דרעש־מאַשין און א טומל פון די כוטעראַנצעס.

— מע ארבעט, — איז עלקע פריילעך אראָפּגעשפּרונגען פון דער בורער, — ביז וואָס דאַרף מען זי ניט צולאָזן צו די איבעריקע פערד, — האָט זי א טראַכט געטאָן וועגן דער שקאַפּע און זיך א ווישׁ געטאָן די ליפּ. זי האָט זיך איצטער מיט אמאָל געכאַפּט, אַז זי ווישט אלע ווײַלע די אויבערשטע ליפּ און איז געוואָרן אין קאַס אף זיך, — ארײַנגענומען עמעס א נארישקײַט אין קאָפּ, — האָט זי אומצופרידן א בורטשע געטאָן און ניט באַמערקט, ווי זי האָט זיך ווידער א וויש געטאָן...

די שקאַפּע האָט עלקע אָפּגעפירט אָן א זײַט און פאַרזיכטיק צוגעבונדן צו דער צעבראָכענער הארבע, וואָס איז געשטאַנען אראָפּ סאַמע טאַבאָר, אָנגעבויגן אָן א פאָדערשטער ראָד. עלקע האָט זיך געלאָזט מיט אומרו צו דער דרעש־מאַשין.

— וויפל זאַנגען מע צעשיט דאָס, — האָט זי מיט דער פוס געשאַרט צווישן גראָז, — נישקאָשע, בא זיך פלעגן זיי קיין איין זאַנג ניט פארשיטן...

אנטקעגן, צווישן איבערגעקערטע, נידעריקע שווארצע פעסלעך האָט געארבעט אביסל אײַנגעגראָבן אין דער ערד דער טראַקטער. פונעם טראַקטער האָט געשווינדלט א ברייטער פארסמאָלעטער פּאַס צו דער אָפּגעקראָכענער רויטלעכער דרעש־מאַשין, וואָס האָט געהודזשעט איבער הארמאַן. די דרעש־מאַשין האָט זיך אונטערגעטרייסלט, ארויסגעשלאָגן א געדיכטן שטויב און געשלײַדערט זשמעניעס אויסגעדראָשענע שטרוי אהין צו דער סטערטע.

ארום אפן הארמאַן האָבן זיך געדרייט מיט פארהייבענע ווילעס און מיט הראַבליעס אין די הענט פארשטויבטע כוטעראַנצעס. מע האָט געשריִען צו קאָפּל־דינערן, וואָס איז האַלב־נאַקעט געשטאַנען אינדערהייך באַם באַראַבאַן, און קאָפּל־דינער האָט זיך געשאָלטן און געשריִען עפּעס אראָפּ, צו דער איינציק־פארבליבענער הארבע מיט זאַנגען.

בא דער זײַט, אפן ברעזענט לעבן דער אויסגעשאָטענער קופּע ברוינער ווייץ זײַנען געלעגן פארשטויבטע כוטעראַנצעס. ווען זיי האָבן דערזען עלקען, האָבן זיי זיך אופגעפּודלט, אופגעהייבן א טומל און זיך געלאָזט צו איר.

— כאַווערטע רודנער, — איז קאַלמען זאַהאַט א שטויביקער מיט א פּאַלאָווערדיקער באָרד צוגעלאָפן צו עלקען, — כאַווערטע רודנער, וואָס טוט זיך דאָס בא אונדז... אלע הארבעס שטייען, וואָס טוט זיך דאָס, פרעג איך. צעבונטעוועט זיך און האָדי!... וואָס מיינט איר, איך וועל אליין פאָרן אף עלפּ הארבעס, צי וואָס.

עלקע האָט א קוק געטאָן אף די פארשטויבטע, אויסגעהאָרעוועטע כוטעראַנצעס און ניט באַנומען, וואָס דאָ קומט פאָר. זי האָט באַמערקט ווי בא עלקאָנע האָנערמאַן צווישן די וואָנצן סמאָליעט זיך א ציגאַר און עס האָט בא איר א ציטער געטאָן די לינקע האַנט.

— בא אײַך אפן טאָק פלעגט איר אויך רויכערן?!... פארלעשט דעם פײַער! וואָסי דאָ, פארוואָס שטייען ליידיק די הארבעס? — האָט זי א קוק געטאָן אף די כוטעראַנצעס.

זיי ווילן ניט גיין אהין צו די פערד,—האָט זאָהאָט אָנגעוויזן אפ דער לאַנגער קאָרעטע, ווו די פערד זײַנען געשטאַנען צוגעבונדן.

— זאָל ער אַליין גיין,—האָט עלקאָנע האָנערמאַן פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט א געדיכטן קלעפּיקן שפּײַעכץ איבערן ציגאַר,—זאָל ער אַליין גיין צו די סאַפּאַטע...

— די פערד זײַנען סאַפּאַטע!...—האָבן די קאָנטראַנצעס אופגעהייבן א געשריי.

— מיר וועלן אַפ זיי ניט אַרבעטן!...

— צו סאַפּאַטע פערד שיקט איר אונדז!... האָט סלאָבאָדיאַן פאַרהייבן די ווילע,—צו סאַפּאַטע פערד!...

עלקע האָט דערפילט, אז ס'האָט זי אינגאַנצן אָפּגעגאָסן מיט שווייס. דאָס האַרץ האָט זיך אינגאַנצן צעבויטעס. דוכט זיך, זי וועט זי גאָרניט קאָנען באַרויִקן.

— וואָס פאַר א סאַפּאַטע?!...—האָט זי א וויש געטאָן די ליפּ,—ווער האָט אײַך געזאָגט, ווער?...

— מיר ווייסן ניט, מײַנסטו, וואָס ס'טוט זיך אין יאַניסעל,—האָט סלאָבאָדיאַן געציטערט מיט דער ווילע אין האַנט,—מיר האָבן געהערט, האָבן מיר...

עלקע האָט אים אָנגעקוקט אוומילע, ווי זי וואָלט שטאַרק אָנגעשטרענגט עפּעס באַטראַכטן.

— פון וועמען האָסטו געהערט... ביסט געווען דאָרט?—האָט בא איר א ציטער געטאָן די באַק,—כ'פרעג, ביסט געווען דאָרט?!

— און אז איך בין ניט געווען... מיסטאָמע האָב איך געהערט...

אַרום זײַנען די קאָנטראַנצעס געבליבן שטיל און מע האָט ניט אַראָפּגענומען די צעטומלטע אויגן פון סלאָבאָדיאַנען.

— פון וועמען האָסטו געהערט?—איז עלקע צוגעגאַנגען נעענטער צו אים.

— וואָס פרעגט זי מיר,—האָט ער אויסגעשפּיגן,—פרעג בא אַלעמען, אָט, שיִע קוקוי...

עלקע האָט זיך אויסגעדרייט צו שיִען.

— און דו... ביסט דאָרט געווען?

— כ'ווייי...—האָט שיִע זיך א קראַץ געטאָן די נידעריקע פאַטילניצע.—מע רעדט דאָך... אז מע קלינגט, זאָגט מען, איז א כאָגע.

— ווער רעדט?!—איז עלקע ניט אָפּגעשטאַנען,—פון וועמען האָסטו געהערט, ווער האָט דיר געזאָגט. אָט וואָס, ווער האָט דיר, דיר געזאָגט? — איז איר שטים געוואָרן שטאַרק ערנסט, זי האָט אונש אונטערגעציטערט.

שיִע קוקוי האָט זיך אומגעקוקט אַפ עלקאָנע האָנערמאַן, ווי ער זאָל מוירע האָבן עפּעס פאַר אים.

— כ'ווייי... דוכט זיך... כ'וואָלט זאָגן, אז יודל איז דאָרט נעכטן געווען אַפ די קוטערס...

— יודל פיסקון?—האָט עלקע איבערגעפרעגט, און ס'איז איר עפּעס פרייליכער געוואָרן,—אָבער איר זײַט דאָרט ניט געווען,—האָט זי הויך זיך אָפּגערופן,—ניין, פרעג איך?!..

די קאָנטראַנצעס האָבן אַפ איר געקוקט און געשוויגן. אין די פאַרשטויבטע אויגן האָט זיך נאָך געמוטעט פאַרבאַהאַלטענע שרעק...

מיטאַמאָל האָט זיך פון דער דרעש-מאַשין דערטראָגן א געשריי. די מאַשין האָט אָנגעהייבן הודושען און אונטערפּײַפן, ווי זי וואָלט געגאַנגען אַפ פּוסט.

די לעצטע האַרבע איז שוין געשטאַנען ליידיק.

עלקע האָט אופגעציטערט און זיך א לאָז געטאָן צו דער דרעש-מאַשין.

— כאַווייִרים!...—האָט זי אויסגעשריִען,—די מאַשין שטעלט זיך!... וואָס טוט איר, וואָס?!..

— הארגעט מיך, וועל איך צו די פערד ניט גיין,—איז סלאָבאָדיאַנ אָפּגעגאנגען אָן א זײַט.

— א קלײניקײט סאפּ...—האָט עלקאָנע געבורטשעט,—ייִדן, איר ווײסט כאָטש, וואָס דאָס איז?...

— מיר וועלן ניט גיין!... האָבן די כוטעראנצעס זיך צעשריִען.

— זאָל זי אלײן גיין צו די סאפּאטע,—האָט עלקאָנע א בורטשע געטאָן,—זאָל זי אלײן....

עלקע האָט א ציטער געטאָן.

— ווייסט איר וואָס,—האָט זי ארומגעכאפּט עפּעס א מאָדנע קראפט,—קומט איכ'ל זײ שפּאנען!—זי האָט געפּילט, ווי פון אופרעגונג ציטערן בא איר די קני,—קומט!...—האָט זי ווידער אויסגעשריִען און זיך געלאָזט צו די פערד.

עלקע איז האסטיק אָפּגעגאנגען עטלעכע טריט, ווי זי וואָלט זיך אינגאנצן פארגעסן. נאָר מיטאמאָל האָט זי דערהערט, ווי די פערד פּאָרשקען מיט די גאָולעכער און ס'איז איר דורכגעלאָפן א ציטער פונקט, ווי איבערן נאקעטן לײַב וואָלטן ארומגעלאָפן יאשטשערקעס.

— וואָס טו איך,—האָט זי צונויפגעדריקט די פויסטן,—ווּהין פיר איך זײ, וואָס טו איך... עפּשער אָפּשטעלן די מאשין... איזאָלירן די פערד. ניין,—האָט זי א קלאפּ געטאָן א צווייטער געדאנק,—ס'איז עמיצנס עפּעס אן ארבעט.... די מאשין וועל איך ניט אָפּ־שטעלן, כ'וועל זיך ניט לאָזן פירן פון די כוטעראנצעס, פון עלקאָנע האָנערמאַן... מאלע וואָס מע רעדט.—זי האָט זיך אפּגיך א וויש געטאָן די ליפּ און ווידער עפּעס א וואקל געטאָן. נאָר מיטאמאָל האָט זי דערפּילט, אז הינטער איר האָבן פון אלע זײַטן א שפּאר געטאָן קאָלווירטניקעס און זי האָט זיך דרײסט געלאָזט צו די פערד, ווי די קאָלווירט־ניקעס וואָלטן איר א שטופּ געטאָן...

— ס'איז גאָרנישט... די פערד זײַנען געזונט,—איז זי פריילעך צוגעגאנגען צו דער קאָרעטע, אָפּגעבונדן א פּאָר סיווע שקאפעס און זיך געלאָזט צו דער דערבײַיִקער הארבע.

— זײ סלינען גאָרניט...—האָט זי ארופגעוואָרפן די שלײעס די פערד איבערן האלדז און ס'איז איר פלוצלונג שווער געוואָרן אפן הארצן. און די בורע סלינעט טאקע... זי סלינעט,—האָט זי ווייטיקדיק זיך א וויש געטאָן די ליפּ.

לעבן דער לאנגער קאָרעטע האָבן זיך שוין געטופּעט די קאָלווירטניקעס. זײ האָבן פון דער זײַט געקוקט אפ עלקען, ווי זי שפּאנט אײַן די סיווע שקאפעס און געזידלט זיך עפּעס מיט עלקאָנען. די כוטעראנצעס האָבן אָפּגעבונדן די פערד און מיט א טומל געלאָזט זיך צו די הארבעס.

— עפּשער נאָך אָפּשטעלן,—האָט עלקע ווידער א טראכט געטאָן,—ווייסט דאָס דער רוּעך... נאָר די קאָלווירטניקעס האָבן זיך אפ איר שוין ניט אומגעקוקט. איבערן הארמאַג האָט הייזעריק געהודזשעט די פּוסטע דרעש־מאשין און די כוטעראנצעס האָבן פון אלע זײַטן טאבאָר אײנציקווײַז הילכיק אוועקגעטראסקעט מיט די הארבעס אראָפּ פארנאכטיקן סטעפּ צו די ווייץ־קאָפּיצעס.

— כ'ל צופאָרן גלײַך אין הופלאָווע, צום וועטערינאר,—האָט עלקע זיך געלאָזט צו דער בורער, — געוויס... מע דארף גלײַך... געוויס... — זי האָט זיך ארופגעכאפּט אפ דער שקאפּע און אוועקגעטראָגן זיך אראָפּ, צום סטאוואָק אָנפּויען דעם פערד.

לעבן גרינעם סטאוואָק איז עלקע אראָפּגעשפּרונגען פון דער בורער און אראָפּגעלאָזט זיך אראָפּ דעם הייכן ליימיקן ברעג צו דעם רויִקן ווארעמען וואסער.

באם סאמע וואסער האָט עלקע זיך דערשראָקן א כאפ געטאָן, ווי זי וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט און אָפּגעטריבן די שקאפּע.

— זי קאָן נאָך פארזאראזען דעם סטאווק,—איז בא איר דורכגעלאָפן א געדאנק,— קודי אין דר'ערד,—האָט זי די בורע ארופגעטריבן אפן ליימיקן בערגל.

אינעם גרינעם סטאוואָק־וואסער האָט זיך א שפיגל געטאָן דער שקאפּעס שוימיקע מאָרדע.

— יאָ, זי שוימט,—האָט עלקע זי א קנאק געטאָן איבערן רוקן,—די כאָליערע זאָל דאָס נעמען. פארברענט זאָל דאָס ווערן אלץ מיט אנאנדער, אויך מיר א לעבן! זי האָט א ריב געטאָן די ליפּ און דערפילט, אז עס טוט איר דאָרט עפּעס וויי.

פון סטאוואָק האָט געטראָגן מיט פרישער גרינקייט, ווייס ערגעץ ארום דעם טשערעט האָבן געקוואקעט פראָשן.

עלקע איז געבליבן שטיין באם סאמע ברעג און איינגעקוקט זיך אינעם וואסער. אנטקעגן אינעם ווארעמען וואסער האָט זיך אונטערגעוויגט א באקאנטע שלאנקע מיידל. אפן קאָפּ האָבן זיך דאָרט בא איר עטוואָס געפּאָראָשעט די האָר.

עלקע האָט זיך שטארק איינגעקוקט, ווי זי וואָלט געוואָלט א קוק טאָן, צי דאָרט בא דעם מיידל איז גאָרנישט ניט פארבליבן אפ דער אויבערשטער ליפּ, נאָר באם סאמע ברעג סטאוואָק האָט זיך פּלוצים א בולבע געטאָן דאָס וואסער. א ווייסער גלאנציקער קאראס האָט זיך צאפּלענדיק א וואָרף געטאָן אינדערהייך, ווי ער וואָלט א כאפּ געטאָן לופט און אריינגעפּאָליושקעט זיך צוריק אין סטאוואָק...

דער רויִקער גרינער וואסער האָט ארום זיך צעבוויטשעט, זיך פאנאנדערגעגאנגען אין אסאך קיילעכדיקע כוואליעס, און עלקע האָט, דוכט זיך, דערזען דאָרט אסאך פולבלעכע ליפּן..

זי איז פון דעם אינקאעס געוואָרן אפ זיך אליין, האסטיק זיך ארופגעכאפּט אפן פערד און זיך געלאָזט ארופ הופּלאָווער בארג.

די זון האָט זיך שוין געהאט דאָרט ערגעץ אראָפּגעלאָזן און אפן הימל־ראנד זיינען פארבליבן איינציקע צעגאָסענע פורפור־פלעקן.

א שטילער, פארנאכטיקער ווינטל האָט אָנגעהייבן אונטערוויען איבערן סטעפּ און אָנגעטראָגן מיט זיך דעם גערוך פון וויכן פּיריי און פון יונגער, גרינער קוקורוזע...

אפן סאמע ארופ־בארג האָט עלקע ווידער דערזען דעם הייכן זונען־רויז.

דער זונען־רויז האָט שוין געהאט אראָפּגעלאָזט דעם שאָטנדיקע קאָפּ צו דער ערד און זיך אונטערגעוויגט. דער קיילעכדיקער קאָפּ האָט אויסגעזען נאקעט, ווי ס'וואָלטן זיך פון אים איינגאנצן אראָפּגעשאָטן די געל־דורכזיכטיקע צווייט־בלעטלעך. לעבן דער רעכטער זייט קאנאווע, בא דעם סאמע וועג האָט עלקע מיטאמאָל דערזען זיך וואלגערן א פערד־פאדלע. זי האָט אָפּגעקערעוועט מיט דער שקאפּע און אויסגעשפּיגן.

— אוי, דאָס דאָרף אונדזערע, דאָס דאָרף איז נאָך אזוי אָפּגעשטאנען—און זי האָט פּלוצים דערפילט אין זיך א נייע קראפט, ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט, אז דער פארטיי־קאָמיטעט האָט זי געשיקט דידאָזיקע ווילדקייט אופרייסן, אופרייסן איינמאָל פאר אלע־מאָל!...—און זי איז מיטן פערד, ווי אויסגעוואָקסן הייך איבער דעם שווארצן פאר, וואָס האָט זיך געדיכט געוויכערט אפן סאמע ארופ־בארג...

ה. בלאָשטיין

# אײנער פון מיליאָנען

אין מײַן האַרץ הײַנט ווי זיך קאָרטשעט,
נאָר דער צאָרן פרישט...
ס׳פראַוועט מײַן זיקאָרן יאָרצײַט
נאָכן כאַווער ליסט.

קאָמאַנדירן הערט מען, קאָן מען,
פראָסטע זעלנער—מיט...
ליסט [1]! דאָס ערשטע מאָל דײַן נאָמען
קלינגט הײַנט אין א ליד!

קורץ און פּאָשעט דײַן געשיכטע,
טויזנט מאָל געשען....
אונדזער פאָן איז הייך און ליכטיק
אין דײַן האַנט געווען!

הענט אַזעלכע הײַנט—מיליאָנען,
ביינ׳יק, האַרט, פאַרברענט...
ווער זשע וואָלט דײַן האַנט דערקאָנען
אינעם יאַם פון הענט?

און ס׳איז יעדע האַנט פאַרמאָסטן,
ווי א שווערד, וואָס בליצט...
נאָר איך האָב דײַן פויסט דעם פּראָסטן
זיך אין זין פאַרקריצט,

און ער שפּריצט מיט קורצע שטראַלן
ווי א שטיין אפ שמיין...
יאַנקל ליסט! דו ביסט געפאַלן
מיט פאַרפּרעסטע ציין,

[1]) צום יאָרצײַט פון מײַן כאַווער יאַנקל ליסט, דעם פּראָסטן אַרבעטער-קאָמוניסט, דערמאָרדעט אין א גאַסן-צוזאַמענשטויס אין אַרגענטינע.

מיט פארשטשעמעט־שארפער פינע
טויט זיך אײַנגעקראמפט — — —
אין דער ווײַטער ארגענטינע
אין א גאסנקאמפּ!

איך האָב נאָענט און ליב געקאָנט דיך,
הייכער, ברייטער ליסט,—
איז ווי נאָר מײַן הארץ דערמאָנט דיך,
בלוטיקט דאָרט א ריס...

און ווו נאָר אין לענדער שווארצע
פאלט א ברודער—קאלט —
קליידט ער אָן זיך אין מײַן הארצן
באלד אין דײַן געשטאלט...

ווען קיין ווינט מיר ניט פארווייען
דײַנע טרײַע טריט,—
און עס ברענט אין מיר דײַן ווײ־ענד
ווי א העלדן־ליד.

29/1—33.

ל. רעזניק

# קיִעוו

ווּ איז דאָס וואָרט
אונ ווּ איז די ליד
פאר מײַנ צײַט, פאר מײַנ דאָר?
אזא מונטערע מי,
אונ מײַנ דאָר איז ניט מיד
שוינ פופצנ יאָר.

געווענ אזא שטאָט
מיט טעמפלענ אונ מערק,
מיט פײַנ אונ מיט שרעק אונ מיט שפּאָס.
א באראָקישע ליד
איבער דניעפּ אפ די בערג —
ראסטרעליס א קלויסטער צו גאָט [1],

אינ בראָדסקעס שול,
אינ זײַצעווס זאוואָד...
מײַנ זונ, אזוי איז געווענ:
געשענדעט א שטאָט
מיט זנוס אונ מיט גאָט...
ס'איז געווענ?
ווּ אונ ווענ?

ס'איז געווענ אזא שטאָט
אפ בערג אונ אינ טאָל —
א צווייקעפּיקער אָדלער באם דניעפּ
דעמיעווקער האס
אונ די פּײַנ פונ פּאָדאָל [2]
האָט אָפּגעפליקט אָדלערשע קעפּ.

---

[1] א קיִעווער קלויסטער אינ סטיל באראָקאָ, געבויט פונעם ארכיטעקטער ראסטרעלי.
[2] דעמיעווקע, פּאָדאָל,—קיִעווער פאָרשטעט, ווּ ס'האָבנ געווינט די ארבעטער אונ די אָרעמקײַט.

שוינ פופצנ יאָר!
ערשט פופצנ יאָר?
מײַנ שטאָט באמ דניעפּ, דאָס ביסטו?
קלויסטערשע גרויל,
טשעבעריאקישע וואָר...
ס'איז געווענ?
ווענ אונ ווּ?

ארסענאלישע [1] נעכט
אזוי העל זיכ צעברענט,
ווי א פלאקער אפ בערג אינ מײַנ דאָר.
מיט מונטערער מי,
מיט פארמאָסטענע הענט —
אזא מונטערע מענטשלעכע וואָר.

רויטער קיִעוו באמ דניעפּ —
א צעזונגענע ליד.
אונ דער דניעפּ איז געצאמט אונ פארשפאנט.
איז מיר ליב יעדע גאס,
יעדער שטיינ איז מײַנ בליק.
מײַנ שטאָט!
מײַנ לאנד!

---

[1] דער אופשטאנד פונ די ארבעטער פונ ארסענאל אינ קיִעוו אינ די אָקטיאבער-טעג.

יודל יאָפע

# אפ טרעפ צו העכערס

1

שורע לאָפּאַטינע האָט אינ פאבריק אריַינגעבראכט א שטיל פארדראָס אפ א מאנ, פונ וועלכנ ס'איז איר געבליבנ א ראכיטיש קינד. אפילע מיט קיינ זיַידענעמ שאל האָט זי, שורע, זיכ ניט געקאָנט בארימענ, ווי איר כאווערטע נאטאשא, וואָס האָט אזוי געלונגענ פארענדיקט מיט איר זיווג. אָפּגעשניטנ אונ א סאָפּ. געמאכט אנ אבאָרט, אונ די שאל, וואָס זי האָט באקומענ אפ איר רויטער כאסענע אינ קלוב, איז נאטאשענ, ווי אנ אָנדענק געבליבנ פונ טומלדיקע טעג אונ א פיַינ ביסל צאָרעס. איז זי היַינט, נאטאשע, פריַי אונ שפילט מיט ווענ אונ וואָס עס געפעלט איר. אונ זי, שורע לאָפּאַטינע, האָט אפ דעמ קיינ סייכל ניט געהאט. ניינ, טיפ אינ זיכ געדענקט זי, אז זי האָט מיט אלע קויכעס געוואָלט אָנהאלטנ א געזינדלעכנ לעבנ. זי האָט געוואָלט האָבנ א קינד אונ דעריקער מיט עפּעס צובינדנ אָט דעמ געראָטענעמ צעהוליעטנ מיקיטקענ, ער זאָל אופהערנ שיקערנ אונ ווילדעווענ אונ ווערנ ליַיטישער.

אינ דער גרויסער שוכ־פאבריק, אינ געהילפ־צעכ פונ שטאמפּאָווקע, בא די גרויסע לאנגע ווארשטאטנ, ווו קיינע ווענטילאציעס קאָנענ ניט באזיַיטיקנ דעמ איפּעש פונ קליַי, ארבעטנ אמערסטנ פרויענ. אנ ערשטנ מאָל האָט זיי די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע אָפּגעריסנ פונ קיכ, פונ טאָפּ, פונ ווירטשאפט, פונ א דינסט, פונ א גיאנקע זיַינ אונ אריַינגעבראכט אהערצו, ווו זיי דארפנ זיכ ערשט איבערקאָכנ אינ פּראָלעטארישנ קעסל, אויסלעבנ זייערע אָפּגעשטאנענע שטימונגענ. איז שורע לאָפּאטינע דאָ, צווישנ די סאכ, שטארק אָנגעזוגנ געווענ. וויַיל אירע הענט זיַינענ שטארקע אונ פלינקע אונ איר גוט שטאנדהאפטיק, ארבעט זי ליַיכטער פונ אנדערע, וואָס ציִענ קאמ אויס א נאָרמע. שורע באוויַיזט נאָכ ביז מיטיק אויספילנ די 65—70 פּראָצענט פונ דער נאָרמע אונ כאפּנ א שמועס, אונ נאָכ מיטיק־שאָ בליַיבט איר גענוג ציַיט אפ אויסצולייגנ אירע אלע טיַינעס. וויַיל מער פונ דער נאָרמע, וויַיטער וויל זי ניט גיינ. פונ שלאָגלעריַי האלט זי ניט—וואָס וועט זי פונ דעמ האָבנ. זי האָט געהאט בלאָע אויגנ, שורע, העלבלאָע. היַינט, אָט דאָ אינ פאבריק, איז איר אויג געוואָרנ טונקל־בלאָ אונ דורכגעפלאָכטנ מיט פעדימלעכ אועלכע, וואָס ציִענ צו, וואָס רעגנ, ווי אירע געשיכטעס, וואָס זי דערציילט, וואָס נעמענ ביז צומ לאכנ אונ רירנ ביז טרערנ.

אָט פארוואָס אָט דאָ, אינ געהילפ־צעכ, געפינענ זיכ אויערנ, וואָס זיַינענ גרייט צו הערנ, ווי זי, שורע, האָט ליב צו דערציילנ.

— עכ, א מאזל האָט זי געהאט א ביטערן. נאָכ פונ קינדהײַט, אינ די הונגער־יאָרנ, זײַנענ אלע אירעקע אויסגעפאלנ, ווי די פליגנ. אונ אז זי האָט דאָ באדארפט געבוירנ דאָס קינד, האָט מיקיטקע אירער פונ דעמ ניט געוואָלט וויסנ. מיקיטקע האָט זיכ אפילע צו איר אהינ אינ געבורט־הויז קיינ איינמאָל ניט באוויזנ. די שכיינימ האָבנ איר יעדער טאָג אינ געבורט־הויז עפעס צוגעטראָגנ. פונ שפיטאָל האָבנ זיי זי אויכ מיט פרײַנטשאפט צוגענומענ, זייער דיוואנ אָפגעטראָטנ פאר איר מיטנ קינד. אָבער דאָס גראדע האָט איר, שורענ, ניט געשמעקט, ווײַל דיזעלבע שכיינימ האָבנ איר געייצעט פאָרנ אינ דאָרפ (א פעטער האָט זיכ בא איר ראפטום אָפגעזוכט). אָבער דאָס וואָלט דאָכ געהייסנ באלד אונ אפ שטענדיק פארלירנ מיקיטקענ. אונ זי האָט דאָכ אײַנהאלטנ אימ געוואָלט, ווי א מאנ, ווי א טאטנ פאר איר קינד. אָט פארוואָס זי האָט דעמאָנסטראטיוו פארלאָזנ דעמ דיוואנ אונ איבערגעפעקלט זיכ מיטנ קליינס אינ קאָרידאָר. קאלטלעכ איז טאקע געוועננ. אונ געגאנגענ איז עס צו ווינטער אויכ. אָבער א מײַלע האָט עס געהאט—אנו, זאָלנ זיי זי איצט, ווינטער, טרײַבנ פונ קאָרידאָר. האָט זי טאקע דאָרט געמאכט פאר זיכ א גאנצע ווױנונג, מיקיטקענ צו זיכ ארײַנגענומענ, פארמאָלדנ אימ אונ ער האָט זיכ אוועקגעלאָזנ דאָ פראווענ סימכעס מיט כאוויירימ אונ כאווערטעס. נאטאשע פלעגט דאָ אויכ אָפט אונ־טערנעכטיקנ אזוי, אז די שכיינימ פלעגנ ניט קאָנענ א טיר עפענענ.

מיקיטקע האָט זיכ איבער איר איזדעקעוועט, געשלאָגנ, געהוליעט אונ געטאָנ פאסקודנע זאכנ, ביז ער איז ארײַנגעפאלנ אפ פינפ יאָר צוואנג־ארבעט. אָט דעמאָלסט איז זי, שורע, אוועק אינ פאבריק. אונ זי כליפעט אונ פלוכט די גאנצע וועלט, צוזאמענ מיט דעמ קומ אווקסענטיעוונ, וואָס האָט זי געצוווּנגענ אינמיטנ ווינטער, אינ גרויסער קעלט, ציילעמענ דאָס קינד. פארקילט האָט מענ דאָס קינד אינ קלויסטער אונ פאר אנ אינוואלידעלע גע־מאכט. אפ די פיסלעכ קאָנ זיכ דאָס ניט אָנשטעלנ.

— שורע,—פלעגט ער זאָגנ,—דו וועסט די וועלט פארלירנ אונ יענע וועלט ניט האָבנ פאר דײַנ מאמזערל. אויב דו וועסט עס ניט היילנ, וועט דער שעד פונ דיר ניט אָפטרעטנ.

נו, איז זי אײַנגעגאנגענ אונ אָפגעשמאדט איר רײַקענ, אינגאנצנ אפנ קומס הייצאָעס...

— האָט זיכ דער שעד דײַקע יאָ גענומענ. פארקילט, געפאטערט דאָס קינד,—שטעכט זי נאטאשע, א קליינ פיצלדיקע פרוי, וואָס שוויצט שווער בא דער ארבעט.

— זאָל דײַנ קאָפּ ניט דארנ, דו הוליעסט, איז הוליע מיט וועמענ דו ווילסט. אונ איכ בינ א גאָטספאָרכטיקע ווײַבל,—וויל זיכ שורע אָפּאטערנ מיט די רייד. נאָר איצטער גרײַפט אָנ נאטאשע:

— מע וויס ווי גאָטספאָרכטיק דו ביסט. פאר א ווײַב האָט ער דיכ געמאכט דער קולאק אווקסענטיעוו. פריִער שטעלט ער דיכ אפ די קני אונ בייגט דיר דײַנ קאָפּ צומ דיל מיט טפילעס צומ הייליקנ בילד. דערנאָכדעמ שלעפט ער דיכ אינ בעט ערגער פאר א כאזער, דו גישטיקע, כאָטש דו האָסט א מאנ אונ ביסט נאָכ ניט צוגעט מיט אימ.

דער פרויאָרג האָט שוינ א היפש ביסל מי אוועקגעלייגט אפ אָט די צווי פרויענ—אָרגאניזירנ זייער באוווסטזײַנ. נאָר אומזיסט איז געווענ די מי. נאָכ דער ארבעט לויפנ דידאָזיקע צוויי די ערשטע פונ צעכ. וועסט זיי מיט גאָרנישט פארהאלטנ. נאטאשע פוצט זיכ אויס, מיטנ זײַדענעמ שאל פונויבנ, אונ הײַדא שפאצירנ. אונ שורע ליגט מיט איר קליינס אינ בעט, שלאָפט ניט אונווארט, ווענ נאטאשע וועט זיכ צו איר ארָאָפּכאפּנ אונ דערציילנ פונ אלע אירע צופאלנ. אונ אז עס ווערט גאָר שווער צו ווארטנ, דעמלט

חארפט שורע אפ זיך עפעס ארופ און לויפט צום קום אווקסענטיעוונ, קערט זיך אום אינ האלבע נאכט. און אפמאָרגנ דרייט איר שטארק דער קאָפּ און עס צאפּלט דאָס הארצ...

2

אזוי ווי א וועווערקע אינ פרילינג איז איינמאָל צו איר נאטאשע פארלאָפנ. אזוי קליינ, העל און פלינק טאנצנדיק:

— ווייסט מיט ווענמע איך האָב פריילעך פארבראכט? אנו, טרעפ: כא־כא־כא, וועסט ניט טרעפנ.

— אנו, זאָג שוינ, זאָג,—בעט זיך בא איר שורע,—זאָג.

און נאטאשע רייצט זיך נאָך:

— כא־כא־כא, וועסט ניט טרעפנ. אָט מיט דיינ פראָדוציר־אָרג. אינ קינאָ און אינ רעסטאָראנ ט'ער מיר מעכאבעד געווענ.

מיט א פולנ צאפלדיקנ הארצנ, מיט קינע און נייגער הערט שורע אויס אלע נאטאשעס דערפאָלגנ. אָבער דאָסמאָל איז זי, ווי אנ אָנגעביסענע אופגעשפרונגענ, מיט אויגנ אָנגעצונדענע, מיט ציינ און נעגל גרייט אריינלאָזנ זיך אינ דאָס לוסטיק קליינ־פּענעמל פונ שאל ארויס:

— ווער, פיאָדאָר מאקסימאָוויטש וועט זיך מיט דיר פארנעמענ, דו הולטייקע! דו לייגסט! א צווייטנ מאָל וועל איך דיר אויסשארפענענ דיינע שליוכעשע אייגעלעך, דו זאָלסט אייביק ניט קאָנענ ארייַנקוקנ אינ א מאנצבילשנ פּאָנעם.

פיאָדאָר מאקסימאָוויטש סלאדקאָוו איז געווענ דער איינציקער, וועמענ שורע האָט אינ שטאמפאָווקע־צעכ שטום, אָנ ווערטער, געאכט. ער איז געווענ א כאוווער בא די פערציק יאָר, א שטילער, רויִקער, עמעסער שלאָגלער. דאָ האָט ער אָנגעהייבנ ארבעטנ מיט די ערשטע פופציק ארבעטער. און איצטער, צווישנ די זיבנ טויזנט אפנ פאבריק, איז סלאדקאָוו געווענ שטארק אָנגעזענ. זיינ קורצנ פארטסטאזש האָט ער פארפולקומט מיט עכטער שלאָגלערישער ארבעט בא דער מאשינ און אויכ מיט היפשער געזעלשאפטלעכער אָנלאָדונג אלס פראָדוציר־אָרג אינ צעכ.

איינמאָל איז סלאדקאָוו צוגעגאנגענ גאָר זייטיק און ארייַנגעקוקט, ווי זי, שורע, ארבעט און דערנאָכדעם האָט ער איר. געזאָגט:

— איכ וועל דיכ, לאָפּאטינע, אריבערפירנ אפ א שטאמפּ־מאשינ.

איז איר פונ זיינ וואָרט, פונ זיינ טאָנ, פונ זיינ קוק געראמער געוואָרנ אינ הארצנ. אינ זי אוועק ארבעטנ אפ א שטאמפּ־מאשינ. קיינ באזונדער פלייס האָט זי ניט ארויסגעוויזנ, אָבער צו א נאָרמע האָט זי זיך דאָ אויכ לייכט דערקליבנ, און אז צייט איז איר געבליבנ, פלעגט זי כאפּנ א קוק, ווי סלאדקאָוו שטייט פאר דער רויטער גיליאָטינע־מאשינ, ווי ער גיט א נעמ א פעל, גיט עס א מעסט אָפּ מיט די אויגנ און ער ווייסט שוינ קלאָר, וויפל פאסנ עס דארפנ פונ דעם ארויס, פאסנ פארשיידענע מאָסנ, זוילנ פאר מענער און פרויענ און קינדער־שיכ, ווייל פונ דער צאָל 20 טויזנט, וואָס די פאבריק ווארפט טעגלעכ ארויס, געדענקט ער, סלאדקאָוו, אז עס טאָר קיינ איינ בראק ניט זיינ.

א שטילע בראָכע איז זיך אינ איר הארצנ געוואקסנ אָט צו דעם זעלטענעם שלאָגלער, וואָס אפ יעדער פּאָליטישער אקציע קעגנ סאָוועטנפארבאנד פלעגט ער דער ערשטער ענטפערנ מיט העכערנ די נאָרמע אינ צאָל, אינ עקאָנאָמיע, אינ קוואליטעט.

נאַטאַשעס צינישע באַרימערײַ האָט זי באַלײדיקט. ניינ, נאָכ עפּעס מערער, וואָס פריִער האָט זי עס ניט באַמערקט אינ זיכ. איר האַרצ איז צעפּרעסנ געוואָרנ פונ אײַפּער— ניט שוינ זאָל עס זײַנ אַנ עמעס, אויב ניט קיינ באַרימערײַ?

זי האָט אינ יענעמ פרימאָרגנ זיכ לענגער פאַרנומענ מיט איר טואַלעט צו דער אַרבעט.

שטייענדיק בא איר מאַשינ, האָט זי מיט אייבערבליקנ אָנגעקוקט, ווי סלאַדקאָוו גלעט מיט בליקנ די פעל, ווי ער האָט אינזינענ נאָר אָט דעמ ריזיקנ גיליאָטינע־מעסער, וואָס שנײַדט פאַרשיידענע פּאַסנ, אונ עס וואַקסט א באַרג, וואָס דער טעכנישער מיטהעלפער באַווײַזט עס ניט אַרויסצוראַמענ. קוקט ער, סלאַדקאָוו, אַפּ דעמ בערגל אונ שמייכלט מיט האַנאָע.

איר האָט זיכ פאַרגלוסט נאָכטאָנ אימ אינ אינטענסיוּוקײַט אונ אינ באַשיידנקײַט. האָט זי אינ איינעמ א טאָג אַריבערגעשטיגנ די נאָרמע אונ איז אַוועק ווײַטער סײַ אינ צאָל, סײַ אינ קוואַליטעט.

האָט סלאַדקאָוו אינ איינעמ א טאָג אַפּ איר אָנגעשטעלט זײַנע גלײַכע פּאַסיקלעכ־אויגנ, געקוקט פרײַנטלעכ, באַפרידיקט געשמייכלט צו איר, צו אירע דערגרייכטע רעזולטאַטנ.

ער האָט געזאָגט צו איר:

— דו האָסט גוטע הענט אונ דעמ נייטיקנ פאַרשטאַנד צו דער אַרבעט. ווענ דו לאָדסט זיכ אָנ מיט געזעלשאַפטלעכנ באַוווסטזײַנ אונ וואַרפסט אַוועק מיט דײַנע קאַפּריזנ, קאָנסטו דערגיינ ניט נאָר צו א העכערער קוואַליפיקאַציע, נאָר אויכ ווערנ דער בעסטער שלאָגלער אינ צעכ.

זי האָט נאָכ קיינמאָל ניט געפילט אַזא זיסנ שטראָמ, וואָס האָט א שפּאַר געטאָנ אינ אַלע אירע אָדערנ. אירע אויערנ האָבנ שוינ מער גאָרניט געהערט. עפּעס גאָר ווי ניט אירע פיס זײַנענ עס אימ נאָכגעגאַנגענ, ניט אירע הענט האָבנ עס אָנגענומענ די גרויסע פעל פינקטלעכ, ווי ער, סלאַדקאָוו אַליינ, אירע אויגנ האָבנ עס אויכ, ווי זײַנע, אָפּגעמאָסטנ רונד אַרומ אונ הענגענ געבליבנ אַפנ ראַנד, ווו דער גיליאָטינע־מעסער לייגט זײַנ שאַרפ, אונ פּאַסנ פונ פאַרשיידענע מאָסנ זײַנענ געפאַלנ, געשאָטנ זיכ, לויט דער פינקטלעכקײַט פונ פעדאַל־דרוק, געשאָטנ, געוואָקסנ אינ א בערגל בא אירע טריט. אַזוי א טאָג, א צווייטנ האָט זי געפילט אַפּ זיכ סלאַדקאָווס בליק, זײַנ שמייכל, אונ נאָכדעמ זײַנענ אירע אויגנ פינצטער געוואָרנ. זי האָט געזוכט סלאַדקאָווג, זײַנעמ א בליק, א שמייכל, נאָר ניט ער, ניט זײַנ פרײַנטלעכער ווונק איז ניט געווענ. אונ נימעס אונ שווער איז איר ראַפּטומ געוואָרנ אָט די קעפּ־האַקערנ, די גיליאָטינע־מאַשינ. ניט איר קאָפּ, ניט אירע הענט האָבנ אינ דעמ אַרײַנגעקוקט, אונ די פעל איז געגאַנגענ קרומ, קאָס, אָנ אַנ אָרדענונג. אונ צומ סאָפּ טאָג איז אָנגעוואַקסנ א בערגל בראַק. אונ מאָרגנ אונ איבערמאָרגנ— אַלצ מערער אונ מערער בראַק. איר איז ניט אָנגעגאַנגענ דער טומל, וואָס מע האָט אַרומ איר געמאַכט מיטנ בראַק, די שטראָפ, וואָס זי האָט באַקומענ, וואָס מע האָט זי אַריבערגעפירט צוריק צומ קליי־וואַרשטאַט. ניינ, איר האָט עס ניט באַנג געטאָנ, ניט געקימערט. א ביטערער צולאָכעס האָט זי פאַרכאַפּט אונ געשטויסנ אַלצ מער צו דעמ קומ אַווקסענטיעוו...

זי האָט אַלע טאָג געשלונגענ געשיכטעס פונ קלויסטער אונ באַמ וואַרשטאַט האָט זי צײַט געהאַט דערציילנ אַסאַכ טשיקאַווע נײַס.

אין אָנגעשטרענגטער ארבעט בא די לאַנגע ווארשטאטן, אין קלײניק־געדיכטער לופֿט, קומט דער איבעררײַס, הייבן זיך אוף די קעפּ פון טיש, ווער עס לויפֿט רויכערן, ווער עס בלײַבט שטיין אפֿן אָרט כאפּן א קוק אין צײַטונג, אָדער אויסהערן, וואָס זאָגט עפּעס דער פּרויאָרג. שטייט זי, שורע, אויסגעצויגן און דערציילט פאר א גרופּע צוהערערס, אז מע מוז איצטער האלטן א קינד אונטערן שלאָס, ווײַל עס זײַנען שוין דאָ פאלן, אז קינדער ווערן נעלעמ. יאָ, יאָ, מע כאפּט, מע גאנוועט קינדער, מע מאכט פון זיי זייף. לאַכ ניט, מע ווייס, מע קאָן שוין אײַער געלעכטער, פונוואנען דען נעמט זיך אפֿ סוכארעוו אָט דער סאָוועטסקער זייף?

נאָר זי לאַכט פאָרט, די נײַע בריגאדירן מאלקע דאָקשיצער. איר קליינער גוף ווארפט זיך פונעם לאַכן, וואָס קומט ביז טרערן.

— שורע, זאָגט זי, דו ביסט מעשוגע, ביסט דול, כא־כא־כא, קינדער כאפּט מען אפֿ סאָוועטסקן זייף. שורע, דאָס גאנצע מיספארשטענדעניש מיט באוווסטזיניקער קאָנטר־רעוואָליוציע פלאָנטערט זיך אוף אין דײַן פינצטערן פיצלדיקן קעפּל. שורע, ביסט דאָך אַן עמעסע פּראָלעטארקע. דארפסט אויסלײַטערן דײַן פּראָלעטארישן קאָפּ אפֿ צו באקומען ליכטיקע אויגן און זען די גרויסע קעמפנדיקע וועלט אָט דאָ אונטער דײַן נאָז, וואָס דו זעסט ניט.

אָט נאָכ דעמלט, ווען שורע האָט זיך אומגעקערט פון מאשין צוריק צום לאַנגן טיש, האָט זי זיך באגעגנט מיט אָט דער שטשופּלער כאווערטע, מאלקע דאָקשיצער, וואָס האָט ווי א זשאבע באוועגט מיט אירע הענט, און שורע האָט איצט געהאט אפֿ וועמען גיסן איר גאל. אָבער מאלקע דאָקשיצער האָט זיך פון דעם ניט געמאכט. זי איז אזוי געווען פארטאָן אין ארבעט, אז צו אלעמענס באוווּנדערונג האָט זי מיט קליינע קויכעס, מיט אָנשטרענגונג גוואלד געווען אלע שוועריקײַטן און דערשלאָגן זיך ביז א נאָרמע, דער־קלערט זיך פאר א שלאָגלערן און אוועק מיט 15 פּראָצ. פאָרויס אין בריגאדע. ניין, זי האָט זיך אפֿ דעם ניט אָפּגעשטעלט, זי האָט זיך מיטן גוטן ווילן אליין אײַנגעשפּאנט אין געזעלשאפטלעכער ארבעט און מע האָט עס פאר איר גיט געקארגט. אפֿ אירע קליינע מאָגערע פּלייצעס איז שוין א גאנצער בארג געלעגן. און זי איז ניט נאָר ניט געפאלן אונטער דער לאַסט, נאָר זי איז גלײַכער, פעסטער, עלאסטישער געוואָרן. זי האָט געברענט אפֿ ביידע פראָנטן פון ארבעט. איז א שאבעסניק—איז דאָקשיצער די ערשטע, איז זי א בריגאדיר פון איר בריגאדע, איז זי אין אלע קרײַזן אומעטום ניט די לעצטע, און שורע קאָן זי ניט אָנקוקן. און עס ווײַזט זיך אויס, אז אָט די דאָקשיצער איז טאקע יענער אנטיכריסט, וואָס אווקסענטיעוו וואָרנט זי פון איר מיט טפילעס און אמאָל מיט בראנפן.

3

פון איינער א פארזאמלונג האָט זיך שורע ניט געקאָנט ארויסדרייען. ניין, זי האָט גאָרניט געוואָלט זיך ארויסדרייען. הײַנט האָט מען באדארפט פאנאנדערקלײַבן א היפשן בינטל ארבעטער—די בעסטע שלאָגלער אפֿ אלע געביטן אין פארטיי ארײַן. צווישן דעם בינטל איז אויך געווען דאָקשיצער. אָט דאָס מענוועלע, וואָס איז אָנגעקומען אזא נעבעכל, איז שוין איצטער ווײַט אוועק. נישקאָשע, אָט וועט זי איר, שורע, אוועקשטעלן אביסל פראגן פונוואנען און וואָס זי שטאמט? מע זעט עס גלײַך נאָכ יענערס שריפטקענעוודיקײַט, נאָכ איר אויסגעשליפענעם צינגל. אָרעמע קינדער, דינסטן פארמאָגן עס ניט און זי—

א ייִדישע בורזשויקע, א פריטוליעטע שלאנג. אָט פארוואָס זי איז געבליבן, שורע, אפ דער פארזאמלונג.

אינ רויטנ ווינקל האָט גערוישט, געקאָכט, געזאָדנ. פלאקאטנ האָבנ גערופנ בעסטע שלאָגלער, אויסגעפרווטע אינ דער פארטיי אריינ!

איינער נאָכ איינעם זײַנענ זיי ארופ אפ דער טריבונע זאָגנ וועגנ זיכ: ווער זיי זײַנענ, פונוואנענ זיי שטאמענ. עס האָבנ זיכ געשאָטנ פראגנ. האָט מענ וועגנ איינעם געזאָגט שוואָכים, האָט זיכ אפנ צווייטנ א פליוכע געטאָנ א גוס אוולעס. מע האָט עמעצנ אויסגע־קערט ווי אנ ארבל אפ דער לינקער זײַט אונ באוויזנ זײַנ פּאָנעם, איז שוינ אזעלכער ניט מיט קאָוועד אראָפּ.

אָבער אָפטמאָל פלעגט אויכ א פינטל טאָנ א בייזער ווילנ פונ פערזענלעכנ מינ, פאר רעכילעסנ, אָפרעכענענ זיכ, האָבנ עס געניטע אויערנ דערהערט, באמערקט, האָט מענ דאָס אָפגעווערט. איז דער עמעס פונ דער גרעסטער מערהײַט ארופ ווי ביימל אפנ וואסער.

שורע איז זײַטיק אינ ווינקל פארוקט געווענ, ווי זי וואָלט איר ביסל גאל ניט וועלנ צעטרענצלענ. זי האָט עס געוואָלט מיטאמאָל א וואָרפ טאָנ אינ איינעם א פּאָנעם. אָט האָט זי זיכ שוינ, דאכט זיכ, דערוואַרט. דער פּאָרזיצער לייענט אויס א נאָמענ—מאלקע דאָקשיצער! אונ שורע גיט זיכ א ריס פונ ווינקל, שנײַדט זיכ דורכ צווישנ אוילעם. אינ איינ ווײַלע איז זי שוינ ארום טריבונע. אירע אויגנ פלאמענ, דער פּאָנעם צונטער, די האָר פאלנ פונ אונטער איר שארפל ארויס. זי רײַסט זיכ ארײַנ אינ די רייד פונ פּאָרזיצער. זי מאָנט עפעס מיט רוגזע:

— וואָס, וואָס לייענט מענ דאָס? מאלע וואָס מע שרײַבט אָנ אינ א פאפירל, ווו איז זי, דאָקשיצער? זאָל זי ארופ אהער. זי, שורע, האָט וועגנ איר וואָס צו זאָגנ, נאָר זאָל זי פריִער אליינ וועגנ זיכ זאָגנ. זאָל זי זאָגנ, פונוואנענ וואקסט זי, פונוואנענ שטאמט זי? פונוואנענ קומט זי אזא נעבעכדיקע, אָט די שריפטקענעוודיקע מיטנ אויסגעשלײַפטנ צינגל? א קריכערנ איז זי, א וואָרעם אפנ אָרעמענ ארבעטערס האלדז.

עפשער זײַנענ די טײַנעס ניט אזוי קלאָר געקומענ צו די אויערנ דאָרטנ פונ פרע־זידיום, אָבער אנ אופרודערונג א שטארקע האָט זיכ דערפילט.

— כ־טע מאלקע דאָקשיצער, וועסט מוזנ אזוי גוט זײַנ אהער ארופ אונ געבנ ענטפער.

א שטשופּלינקע, א קליינע. הײַנט זײַנענ אירע אקסלענ נאָכמער צונויפגעפרעסט, ווײַל אפ איינער א פראגע איז איר דעמלט שווער געווענ צו געבנ אנ ענטפער. דעמלט האָט זי די פראגע געפלאָגט, ווי ענטפערט מענ אפ אנ אנקעטע, מיט וואָס א טאטע האָט זיכ פארנומענ? טאקע צו וואָס פאר א סאָציאלער קאטעגאָריע טראָגט מענ אים אָפּ דעם טאטנ דעם סוּיפער, דעם קלעריקאל אונ קלייקוידעש? זי האָט געדענקט, ווי דער טאטע פלעגט זיצנ א צונויפגעדרייטער איבער די שטיקער פארמעט אָנ א גלעזל ווארעם וואסער. אונ אז ער האָט עס אָפגעטראָגנ צום סויפער, זײַנ שעפ, דעם פּאָדריאטשיק פונ ייִדישע טוירעס, האָט ער א גילדנ געקליאנטשעט, ניכנעדיק געקליאנטשעט זײַנ גילדנ פארדינסט, מיט א נעבעכדיקנ פּאָנעם געשטאנענ באם טיר אונ געבעטלט א גילדנ פאר אנ אָנגעשרײַ־בענער פארשע אינ דער הייליקער טוירע, וואָס פײַנע גווירים האָבנ עס באשטעלט באם רײַכנ סויפער, דעם אונטערנעמער, אונ אז גאנצ אָפט פלעגט אָט דער טאטע א געזידלטער אוועק פונ זײַנ שעפ אָנ דעם גילדנ פארדינסט, איז ער אהיים געקומענ אונ נאָכ מערער געמאָנט, מע זאָל פרום זײַנ אונ גאָטספאָרכטיק, ווײַל גאָט וועט העלפנ.

געהאָלפן האָט גאָט דעם טאטן דעם סויפער, נאָר מיט ווײַבער. דרײַ האָט ער זיך געהאט און אלע דרײַ זײַנען געשטאָרבן און יעדערע האָט אים קינדער געלאָזן. אין אָרעמקײַט, אין קעלט, אין הונגער האָבן זיך איבערגעפּלאָנטערט די קינדער פון דרײַ ווײַבער. אלע האָבן באקומען איין פּאָנעם, איין פארב, איין באגער, ווי מעגלעך אוועקגיין פון אָט דעם אייביקן דאלעס, אוועקגיין.

9 יאָר איז זי אלט געווען, דאָקשיצער, ווען זי איז פונדערהיים אוועק. א קליינס, א מאָגערס, א דארס האָט זי אפ אירע הענטלעך געהאלטן א היפש קינד מיט א גרויסן בויך, מיט א גרויס קעפּל. באם שאָרניק־וואַרשאַוער, ווו זי האָט דאָס קינד געניאַנטשעט, האָט זי צום ערשטן מאָל דערהערט פון ארבעטער, אז די טוירע, וואָס איר טאטע שרײַבט, איז סאם, פינצטערניש, מיט וואָס די גווירים סאמען אָפּ און פארפינצטערן דאָס לעבן און די מויכעס פון די מאסן, אז נאָר די ארבעטער דאָרטן אין די שטעט, אין פאבריקן און זאוואָדן וועלן איבערבויען די וועלט.

די מילכאָמע האָט אופגערודערט דאָס שטעטל. מיטן גרויסן אָנגעלאָפּ פון דעם פראָנט־פּאָס איז זי אויך געלאָפן און אין טומל פארלאָרן אלע אירע. זי האָט שוין דעמלט געפּרוּווט אביסעלע ארבעטן. איז זי אין א רוסישער שטאָט אוועק ארבעטן אין א רימער־מארשטאַט. אָקטיאַבער האָט זי געפונען טאקע אין דעם ווארשטאַט, וואָס האָט שוין געארבעט פאר דער רויטער ארמיי. מאלקע דאָקשיצער איז געווען דער אקטיוו. עס האָט איר אביסל געשטערט איר אנאלפאבעטיזם. נאָר נישקאָשע, עס האָט געסטײַעט ארבעט פאר איר אויך. און אביסעלע צײַט אפ לערנען האָט זי אויך אָפּגעזוכט. און אז כאַווײרים האָבן געמאָנט, זי זאָל ארײַן אין קאָמיוג, האָט א פראגע געפלאָגט, ווי ענטפערט מען אפ א פראגע, מיט וואָס האָט זיך א טאטע פארנומען? האָט זי דעמלט, נאָך א פּאָר נעכט ניט דערשלאָפענע, באשלאָסן—אז זי מעג דעם טאטן פארעכענען פאר א קוסטאר. איז אָט־אָ די אוולע, און דעם ליגן אירן זוכט זי אויסקויפן שוין אסאך יאָרן. אין פעדאגאָגישן טעכניקום, ווו זי האָט געהאט געלערנט, איז אָט די פראגע געשטעלט געוואָרן. זי האָט דעמלט זיך נאָך פארטיידיקט, אז איר טאטע איז לויט זײַן שווערער ארבעט קימאַט א קוסטאר, ווײַל געהאָרעוועט האָט ער, אָפּהענגיק איז ער געווען, אין אָרעמקײַט און דאלעס איז זי, מאלקע, אויסגעוואקסן, אָן א העמד אפן לײַב, אָן א שוך אפן פוס און אן אייביק הונגעריקע. אָבער איצטער פארשטייט זי, אז איר טאטנס הענט האָבן געטאָן א מיִעסע ארבעט, אפ צו פארפינצטערן די ארבעטער, דעם האָרעפּאַשניק, זי אָנערקענט עס פולקום און זי פארלאָזט זיך, זאָלן כאַווײרים מישפּעטן, באשליסן, צי האָט זי, א קינד פון א קלעריקאַל, דאָס רעכט באטרעטן די שוועל פון לענינס פארטיי. אלציינס, אויסער דער פארטיי וועט זי אויספילן אלע פארטיי־געבאָטן באם ווארשטאט און צווישן די מאסן.

— איז ווער האָט עפּעס צו זאָגן? ווער? נו, שורע לאָפּאַטינע, האָסט דאָך עפּעס זאָגן געוואָלט? זאָג!

נאָר אין שורעס אויגן פלאָנטערן זיך טרערן. אין האלדז איז פארוואָרגן א מיטגעפיל־וואָרט:

— געוויס, וויבאלד הונגעריק איז זי געווען און אָן א העמדעלע, און אָן א שוך, כליפּעט שורע, וויבאלד צו נײַן יאָר איז זי אוועק פאר א ניאַנקעלע, איז וואָס איז דאָ צו ריידן און וואָס האָט זי צו זאָגן קעגן. זי, שורע, ווייס דאָך דעם טאַם פון די אלע זאכן. אוואדע קומט איר גיין, מאלקע דאָקשיצער, אין דער פארטיי ארײַן. ניין, בא איר, שורע לאָפּאַטינע, איז ניטאָ אפ קיין איין נאָגעלע עפּעס קעגן צו זאָגן.

4

עס האָט א כוידעש פארכלינעט די שוכ־פאבריק מיט א העסלעכנ פראָצענט בראק, וואָס האָט געבראכט אסאכ טויזנטער העזעק אונ געדראָט מיט א קאטאסטראָפע. אלצ, וואָס האָט לעבעדיקנ באוווסטזיינ געהאט, האָט זיכ א ריר געטאָנ. די אָנפירונג האָט זיכ געלאָזט זוכנ די סיבעס פונ דורכריַס. אפ קאָנפערענצנ אונ אויסשטעלונגענ האָבנ זיכ אויסגעטיילט העסלעכע פאָרמענ פונ בראק, ווו עס האָט אויכ ניט געפעלט די פראָדוקציע פונ דער גיליאָטינע־מאשינ. די וויכטיקסטע סיבע—ווייניק באוווסטזיניקע פאראַנטערעסירטקייט פונ דער מאסע ארבעטער אינ גוטער קוואליטעט, אינ עקאָנאָמיע.

— צו דער איניציאַטיוו פונ די מאסנ! באוווסטזיניקע באציִונג, צוואנציק איינ טויזנט פאָר א טאָג, מיט א מינימום דערלאָזבארנ בראק אינ אנטשיידענעם יאָר!

— כאווער, שטעל מיכ אפ דער גיליאָטינע־מאשינ, — האָט שורע פאָרגעשלאָגנ דעם מייַסטער,—שטעל מיכ, איכ קאָנ די מאשינע, איכ האָב שוינ געארבעט,—האָט זי זיכ געבעטנ באם פראָדוציר־אָרג,—סט'זענ, איכ וועל זיכ בארעכטיקנ.

דער כאווער איז געווענ א נייַער אונ האָט מיט כשאד א קוק געטאָנ אפ שורען.

— וואָס, א ראזריאד גלוסט זיכ דיר א הייכנ? לאָז אָפ, כאווערטע, עס שטייענ מענער, קענער פונ פאכ אונ ניט אלע זיינענ אפנ אָרט, ווייַס ניט אלע. א קאָנפערענצ, אנ אויסשטעלונג האָט עס דערוויזנ. וויצל זיכ ניט, כאווערטע.

האָט זי זיכ ניט בארויִקט, שורע, הייַנט, אז פונ צושניַידער־צעכ, פונ שטעפ־צעכ, פונ ראנטעוונ־צעכ, פונ שרויפנ־צעכ ביז סטאמפאָווקע האָט אלצ געציטערט, געמאָנט, גערופנ:

— ציט זיכ אונטער! 21 טויזנט פאָר מיט א מינימום דערלאָזבארנ בראק! האָט עס אינ אירע אויערנ געריסנ, איז צי דארפסטו, שורע, זיכ שאנעווענ אָט דאָ אפ לייַכטע ארבעט, צי וועסטו דאָרט ניט נוצלעכער זייַנ, וויבאלד א לאנד רופט — דערלאנג שיכ אונ גוטע קוואליטעט!

5

די מערהייַט ארבעטער האָבנ גוט געקאָנט דעם פונדאָסנייַ־באשטימטנ פארוואלטער אינ שטאמפיר־צעכ, דעם סאמע באשיידענעם אונ בעסטנ שלאָגלער, דעם כ' סלאדקאָוו. אלע האָבנ געוווסט אונ באוווּנדערט דעם כאווער, וואָס איז אזוי ריזיק געוואקסנ. אומעטום, אינ יעדנ שמאָלנ אָרט, ערגעצ אינ א צעכ, ווארפט מענ מיט אנדערע אקטיוויסטנ אריבער דעם כ' סלאדקאָוו, איז ער דאָ א שלאָגלער, דאָרטנ א בריגאדיר, א געהילפ, א מייַסטער אונ איצטער אינ שטאמפיר־צעכ א פארוואלטער.

שורע לאָפאטינע האָט אויכ געלייענט דעם באפעל וועגנ דעם נייַ־באשטימטנ פארוואלטער אונ אירע אויגנ האָבנ געפייַכט פונ אכטונג אונ פרייד.

פיאָדער מאקסימיטש סלאדקאָוו ווערט באשטימט פארנ באלעבאָס אינ צעכ, אונ א ווארעמע זיסקייַט פילט אָנ איר גופ, איר באוווסטזיינ. שורע איז שטאָלצ, זי שטייט אונ ארבעט בא דערזעלבער מאשינ, ווו סלאדקאָוו האָט זייַנע שלאָגלערישע ווונדער באוויזנ. זי וועט זיכ סטארענ נאָכטאָנ סלאדקאָווג.

אזויפיל זונ גיסט זיכ אינ די פענצטער פונ א צעכ אונ שפילט אפ שטאָלענעם גלאנצ פונ מאשינעס. ווי רעגנבויגנס מישנ זיכ קאָלירנ צווישנ פאסנ אונ טראנסמיסיעס. שטייט זי אינ גאָלדענעם שטויב, שורע לאָפאטינע, בא דער גיליאָטינע־מאשינ, ווי א שטרענגער וואכמאנ אפנ פאָסטנ.

נאָך מיטיק־שאָ. שורע פילט עס רושט עפּעס הינטער איר פּלייצע אין קאָנווייערס פון בריגאדעס. דאָס קומט דער נײַער פּאַרוואַלטער. די אדמיניסטראציע גייט מיט, דער מײַסטער, זײַנ געהילף, דערפילט זי א צופלוס אינ זיך. זי האָט פּעסטע הענט, שורע. זי האָט א שטאנדהאפטיקנ גוף. ווענ דער באוווסטזײַנ לייגט זיך אויס אינ קאָפּ מיט דער גאנצער קלאָרקײַט, ווענ דאָס הארצ רושט מיט ווילנ, פּאָלגנ זיי די הענט, שפּילנ נאָך האסטיקער די פּלייצעס־פּאָרמענ, פרוזשינעט נאָך שטאַפּער די ברוסט, שפּריצנ די אויגנ מיט פונקענ, די ציינ פארבײַסנ א ליפּ, ווו עס שפּילט א פארבאָרגענער שמייכל, אונ אלצ באטײַט—כאווער סלאדקאָוו, איך טו דיר נאָך!

דיזעלבע פאסיקלעכ אויגנ, וואָס אמאָל האָבנ זיי זיך פארהאלטנ אפ שורענ בא דער גיליאָטינע־מאשינ, עסנ זיך דאָסמאָל אויך אײַנ אינ איר נאקנ. ער גיט א כאפּ א קוק אינ איר פּאָנעמ אונ ער דערקענט שורענ. א פּאָנעמ מיט הויכע באקנ־ביינער צעשמייכלט זיך:

— דאָס ביסטו, לאָפּאטינע? ארבעט, ארבעט, איך וויס. איך געדענק, דו דארפסט קאָנענ באווײַזנ שלאָגלערישע מוסטערנ.

זינקענ אירע אויגנ אפ אראָפּ, ווי מיט בלײַ אָנגעגאָסנ. דאָס הארצ פּאלט אײַנ, ווענ זי דערמאָנט זיך, אז דעמלט האָט זי דערפירט איר ארבעט ביז בראק, ביז כארפּע. ווענ זי קאָנ א מויל עפענענ, וואָלט זי געשוואָרנ—אז אלע אירע קויכעס וועט זי אָט דאָ לייגנ פאר מוסטערהאפטער שלאָגלערישער ארבעט.

נאָר זי שווײַגט. דער בריגאדיר זאָגט פאר איר:

— יאָ, כאווער פּארוואלטער, לאָפּאטינע האָט זיך פולקאָם בארעכטיקט אפ דער ארבעט בא דער גיליאָטינע.

האָט פּיאָדאָר מאקסימיטש זײַנע אויגנ ברייטער צעעפנט, מיט א באניטיקונג. א שמייכל האָט פונ זײַנע הארטע דראָטענע וואָנצעס דערלאנגט ביז דער טיפ פונ איר נעשאָמע. האָבנ אירע פינגער, ווי זודיקע פרעסלעכ, זיך געקלעפּט צו די פּעלנ זוילנ, אונ דאָס מעסער האָט, ווי קושנדיק, געקלונגענ ביז די אויערנ. פונ יעדנ שניט מיט דער מאשינ האָט דער קאָפּ אונ דאָס הארצ געזונגענ מיט איינ באגער:

— דערלאנג צאָל. קוואליטעט, דערלאנג!

אונ דערנאָך, נאָך יעדער וואכטע, איז שורע געלאָפנ ליקווידירנ איר אָנ׳וורעדיקײַט, אונ ערשט נאָך אלעמענ אהיימ געלאָפנ, ווי א מאמע פונ א קינד, וואָס גייט שלעכט אפ די פיסלעכ. אונ איר מאמעס הארצ האָט זיך צעריסנ, ווײַל אינ טעג פונ איר אָנלאָדונג איז דאָס קינד עלנט, אָפּטמאָל ניט דערעסנ. אפילע דאָס לעמפל ארויסדרייענ איז ניטאָ וועמענ. שטייט זי, די קליינע, באמ טיר אונ ווארט אפ דער מאמענ.

זי האָט קיינעמ ניט געהאט אויסער נאטאשענ, וואָס האָט זי איצטער אויך פארלאָזנ ערגעצ ארבעט זי, נאטאשע, אינ א קאַנדיטערײַ־פאבריק, אונ נאָך דער ארבעט, אײַנגעהילט אינ איר זײַדענער שאל, ברענט זי א וועלט. אונ אז זי באגעגנט זי אמאָל, ווארפט זי זיך אפ איר, די קליינע, מיט מוסער:

— ווארט, אָט וועט ער באפרײַט ווערנ, דײַנ מיקיטקע שאָמינ, וועסטו האָבנ א וויסטנ סאָפ פארנ קינד, וואָס דו לאָזט אפ העפקער.

נאָך איינעמ אזא אָוונט, ווענ זי האָט זיך ביז שפּעט פארהאלטנ אינ רויטנ ווינקל פונ פאבריק, האָט זי דאָס קינד געפונענ פריילעך, באפרידיקט. אינ שטיבל איז געווענ ליכטיק אונ ריינ אופגעראמט.

— ווער איז געווענ דאָ? ווענמענ האָסטו געעפנט?

די קליינע רײַקע האָט שוינ געוווסט, אז אויסער דער מאמענ טאָר מענ קיינעם ניט עפענענ, ניט ארײַנלאָזנ אינ שטוב. אָבער דאָסמאָל האָט זי געעפנט א טיאָטיע, א גוטער טיאָטיע.

ווער־זשע קאָנ זײַנ די טיאָטיע, אויב ניט נאטאשע. קיינ פרעמדנ אומבאקאנטנ קאָל וועט רײַקע ניט עפענענ. זי האָט אינ הארצנ באוווּנדערט אונ געדאנקט נאטאשענ. א ווילדער, אָבער דאָכ אנ עמעסער כאוור. דאָס האָט זי דאָכ, נאטאשע, צונויפגעשאדכנט זי, שורענ, מיט מיקיטקענ אונ איר מיינ איז דאָכ דערבײַ געווענ א גוטער.

האָט זיכ נאָכאמאָל אונ נאָכאמאָל די זאכ איבערגעכאזערט. גראָדע דעמלט, ווענ שורע איז פארנומענ געווענ ביז שפעט, האָט נאטאשע איר שטיבל באזוכט, געראמט אונ באזאָרגט דאָס קינד אונ ניט געוואָרנ. איז פארוואָס־זשע מײַדט נאטאשע זי אויס?

(סאָפ אינ קומענדיקנ נומער).

דוּווע רייזינ

# מיט דער נײַער מי און פּראצע

לידער נאָענטע צום הארצנ, דורכגעטראָגנ אפנ נאקנ
בא דער פראצע, וואָס איז שווער און איז אינ לײַב טיפ אײַנגעבאקנ.

ווי די ציגל אפנ קארק האָב איך געטראָגנ אײַך אינ הארצנ,
וואָס האָט יאָנטעוודיק געאָטעמט אונטער קלייד דעם וואָכיק־שווארצנ.

ליפּער באם סטאנאָק פארצייכנט אפ די פּאק־פּאפּירנ הארטע
מיט די ברודנע פארבנ־שפּורנ פונ די פינגער פעט־באפארבטע,

איר זײַט די ווערטער פונ מאשינס אָנווערטערדיקנ פרייד און צאָרנ,
די רייד פונ לאנג־באפארבטנ מויער, וואָס דערמאָנט דעם מאליערס יאָרנ.

לידער אפנ דאכ! אמאָל, ווענ כ'האָב צום פענדזל זיכ פארבויגנ,
פונ פארטראכטנ זיכ אינ אײַכ בינ איכ פונ דאכ־ברעג שיר געפלויגנ.

און מיט אָט דעמזעלבנ צאפּל, וואָס באם פּלי פונ דאכ־שפּיצ יענעם
פלעגט זיכ פונ א פערז באם טיש א גרויל טאָנ אָפּט אינ האנט די פענע.

לידער נאָנטע! דאָ אינ צעכ, וואָס איז באנײַט און אָטעמט דרייסטער
וועל איכ אויכעט־אײַכ באנײַענ: רײַכער, פארביקער און ברייטער

נאָר ווי דעמאָלט וועל איכ איצטער דורכטראָגנ אײַכ אפנ נאקנ
מיט דער נײַער מי און פראצע, וואָס אינ מיר איז אײַנגעבאקנ.

# מײַנ יוגנט

איזי כאריקנ, וואָס האָט מיר געהאָלפנ.

ס'לויכט אופ פאר מיר מײַנ קינדהײַט פונ אָרעמקײַט דערנידערט,—
א דערהײבענע פונ צויבער קעגנ לעוואָנע־ליכט.
כ'וואָלט ניט געגלויבט באמ זענ דיכ אנ אומגעוויינלעכנ אינ לידער,
ווענ־עס־איז דיכ זעענ א געוויינלעכנ פאר זיכ.

מיטנ טשוועק אינ שטעקנ האָב איכ געבעקט פונ מארק געצויגנ,
כ'האָב געפילט זיכ הײמיש צווישנ פאריאָגטע הינט.
זעלטנ ווי א וווּנדער אינ פּאָדריאטשיקס בײזע אויגנ
האָב איכ געזענ א שמײכל, וואָס כ'האָב מיט שוויס פארדינט.

באנאכט, אָנ שלאָפ אינ דרויסנ א פארברעכעריש־פאריאָגטער—
אינ פארטערערטע אויגנ, פארבענקטע נאָכ אומגעריכטס,
פלעגט דאכטנ—די לעוואָנע—א מאמע א פארזאָרגטע,—
וואָס וועט געוויס דורכ קישעפ טוליענ מיכ צו זיכ.

אונ אינ טעג שוינ פרײַע, ווענ כ'האָב מײַנ טרייסט געפונענ
ניט אפ דער לעוואָנע—אפ דער ערד, וואָס האָט געברויזט,
האָט פונ אויג אפ שורעס א טרער אראָפּגערונענ
— „א צארטע האנט האָט מײַנע האָר ניט געקרויזט".

אונ ווענ ס'האָבנ דעמ ערשטנ מאָל דײַנע פלינקע אויגנ
א בליצ געטאָנ אפ מיר אזוי ווי אומגעריכט,—
פונ קינדווײַז א פאריאָגטער, א געוויינטער זיכ צו בויגנ
האָב איכ פארשעמט פונ דיר באהאלטנ דאָס געזיכט.

באראשט פונ פרײַנטשאפט דײַנער האָב איכ ניט געקענט קיינ אָרט געפינענ:
כ'האָב נאָכ דאנ דעמ שפור געטראָגנ פונ די היימלאָזיקע הינט:
צערייצט דיכ ווער—איז ווארפ זיכ אונ ברומ אינ שוימ פונ סינע,
אכט דיכ ווער—מיט גאנצנ הארצנ צעעפנ זיכ אונ זינג.

איצט—וועל איכ פאר דײַנע שארפע אונ כאוורישע בליקנ
דעמ קאָפּ דעמ אויסגעגלײַכטנ ניט בויגנ שוינ פארשעמט,
ווענ דו, ווענמעס „יוגנט מע האָט אינ זײַדנס ניט געוויקלט",
ביסט „א פראָסטער אונ א פעסטער מיט טאטנס קרעפטיקע צוויי הענט".

ס'איז דאָכ שוינ מײַנ יוגנט פונ מענטשנ ניט דערנידערט
כאָטש זי דאכט זיכ אויס מיר אָפּט, ווי אומגעריכט...
כ'האָב אמאָל געזענ דיכ אנ אומגעוויינלעכנ אינ לידער,
זע איכ דיר אצינדער א געוויינלעכנ פאר זיכ.

* * *

דעמ אומבאקאנטנ זיסקינד ליעוו

נאָענטער, אפ ערד אפ ווײַטער, ערגעצ אפ בערלינער ראָגנ
האָסטו לאנג אינ שווערנ עלנט די ארבעטלאָזע הענט געטראָגנ.

ביסט מיר, ברודער, נאָענט, נאָענט מיט דײַנ וואלגערדיקנ עלנט,
איכ האָב, ווי דו, געוווּסט פונ עלנטקײַט בא פרעמדע שוועלנ.

קאלטע נעכט, אפ הארטנ דיל פונ אומבאקאנטע קאָרידאָרנ,
זיכ געקאָרטשעט ווי אינ היצ פונ זײַט אפ זײַט זיכ שווער געוואָרפנ,

מיט פארוואָרלאָזטע אינ הונגער באנאכט געשלונגענ רויכ פונ שײַטער...
ס'דאכט זיכ מיר, אז דו—בינ איכ, נאָר איכ—איכ לעב אינ לאנד באפרײַטער.

אונדזער מאמע־לאנד פונ לאנג שוינ זאָרגט אונ קעמפט אונ שמידט אונדז איבער:
פונעמ גאס־רויש—אינ זאוואָד־רויש. דער זאוואָד־רויש איז מיר ליבער.

אונ עס טוט מיר באנג, אצינדער ווענ מײַנ לאנד שטײַגט א צעבליטע,
פאר די ארבעטלאָזע וואָכנ, וואָס דיכ מאטערנ שוינ ווידער...

נאָענטער, אפ ערד אפ ווײַטער, ערגעצ אפ בערלינער ראָגנ,
צווישנ רייענ אופגעוואכטע ווערסט א ביקס אינ האנט נאָכ טראָגנ.

## עליע סאוויקאָווסקי

* * *

איבער ווײַטע לענגענ
איבער ווײַטע ברייטנ
האָבנ האָלט די ניעטרעס
פרײַער זיכ צעשפרייטנ.

פעטע וואלד־מאסיוונ
ציִענ זיכ ווי כמארעס
אונ דורכ נעפלענ סיוועּ
צירקלענ פייגל־שאריעס.

ריטשענ וועלפ, קאבאנעס
איבער וואלד דאָ פלייצנ.
א קאסמאטער בער
קראצט אָנ בוימ די פלייצע.

שפרינגענ מארדער יוסטע
אונ עס ווײנענ ביבערס.
ערגעצ מיט זײַנ פוקסיכע
טרײַבט א פוקס זײַנ ליבע.

פארשלונגענ וואלד די גרענעצנ,
דעמ האָריזאָנט פארשלאָסנ.
פארבאָרגנ בא א קרעניצע
טרינקענ שלאנקע לאָסנ.

בערדיקע אונ גוואַרנ,
פארטײַעטע אינ שווײַגנ.
הערנ ביימער שטארע
אונ שאָקלענ מיט די צווײַגנ.

און קאַסמאַטע ווינטן
גלעטן ביימער־טשובן.
איבער וואַלד צעגרינטן
זינגען לעסאָרובן.

„ס'קאָמט די זון די ביימער־טשובן,
„רינט אויס אוראַלטער פאַרדראָס,
„וואַקסן מיר ווי שטײַפע דובן,
„לעסאָרוב איז באַלעבאָס,
„וואַקסן מיר, ווי שטײַפע דובן"
— אַזוי זינגען לעסאָרובן.



אי. יעליאשקעוויטש

# די ארמיי, וואָס איז ווערט איר קלאַס

(צום XV־יאָריקן יובילײ פון דער רויטער ארמיי).

דאָס לאנד האָט אונטער דער ריכטיקער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי און איר צ. ק. אינדערשפיץ מיטן אויסגעפרוווטן לענינעץ כאַווער סטאַלין, זיגרײַך פארווירקלעכט דעם פינפיאָר אין פיר און איז צוגעטראָטן צו אויספילן די פלענער פון צווייטן פינפיאָר—דעם פינפיאָר פון אויסבויען די אָנקלאסאָווע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט. דעם 23 פעווראַל פונעם דאָזיקן היסטאָרישן ערשטן יאָר פון צווייטן פינפיאָר — ווערט 15 יאָר זינט עס עקזיסטירט די ארבעטער־פויערישע רויטע ארמיי.

די געשיכטע פון אונדזער ארמיי איז אן אומאָפּרײַסבארער רונג פון אונדזער אלגעמיינעם קלאסאָוון קאמפּ־פראָנט פאר דער סאָציאַליסטישער בויונג, פאר דער אומבארירלעכקײַט פון די סאָוועטישע גרענעצן, פאר דער סאָוועטישער פרידן־פּאָליטיק.

די קאָמוניסטישע פארטיי, ארום וועלכער עס איז ענג באהעפט אונדזער ארמיי אינדערשפיץ מיט איר ליבן פּאָלקאָם, בעסטן לענינעץ—כאַווער ק ל י מ ו ו אָ ר אָ ש י ל אָ ו, איז די שעפערן און אָרגאניזאטערן פון די באוואָפנטע קרעפטן פון דער רעוואָליוציע, די איינציקסטע פארטיי, וואָס פירט דורך, ניט קוקנדיק אפ די קעגנדיקע פּרוּוון פון די בורזשואַז־אימפּעריאַליסטישע קרײַזן צו ארויסרופן אונדז אפ א מילכאָמע, די סאָוועטישע פרידן־פּאָליטיק, פעסטיקנדיק גלײַכצײַטיק די זעלבסטפארטיידיקונג, די באוואָפנטע קרעפטן פונעם לאנד, וואָס בויט דעם סאָציאַליזם.

די 15 יאָר עקזיסטענץ פון אונדזער רויטער ארמיי זײַנען דורכגעזאפּט מיט פּילמאָליקע באשטעטיקונגען, אז „קיין איין שפּאן פרעמדער ערד ווילן מיר ניט, נאָר אויך די אייגענע ערד, קיין איין ווערשאָק אייגענע ערד וועלן מיר קיינעם ניט אָפּגעבן" (סטאַלין), מיט א קייט רומפולע טראדיציעס פון באלערנדיקע שלאכטן קעגן דער קאָנטער־רעוואָליוציע אפ די פראָנטן פון בירגער־קריג, מיט א הויכער קלאסאָווער באוווסטזיניקײַט, מיליטערישער און פּאָליטישער צוגעגרייטקײַט, מיט אלזײַטיקער מיטהילף דער סאָצבויונג, מיט א פולער איבערגעגעבנקײַט איר קלאס און דער פארטיי, דעם אלוועלטלעכן פּראָלעטאריאט, מיט וועמען זי איז אופגעשמאָלצן מיט דער פולער נעשאָמע.

דורכ דער פארשטארקונג פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור פירט די פארטיי צו דער אָפּשטארבונג פון מעלוכע, צו דער אָנקלאסאָווער געזעלשאפט. די פארטיי און סאָוועטנמאכט האָט שטענדיק אָנגעוויזן, אז דורכ דער פארשטארקונג פון דער פּראָלעטארישער

דיקטאטור, אינ דער ערשטער ריי פונ איר שארפסטנ געווער—די באוואָפנטע קרעפטנ פונ דער רעוואָליוציע, וועלנ מיר קומענ צומ קאָמוניזמ.

„מיר דארפנ באזיגנ,—זאָגט לענינ אינ אָקטיאבער 1918 יאָר,—ניט נאָר די ווײַס־גווארדייער, נאָר אויכ דעמ אלוועלטלעכנ אימפעריאליזמ, דערפאר איז די רויטע ארמיי נייטיק מער פונ אלצ. זאָל יעדע אָרגאניזאציע פונ סאָוועטישנ רוסלאנד ניט אופהערנ שטעלנ אפנ ערשטנ אָרט די פראגע וועגנ דער ארמיי“.

לויט די צוואָעס פונ איר געניאלסטנ פירער, פירט די לענינישע פארטיי דורכ די קעסיידערדיקע פּאָליטיק פונ פארשטארקנ די באוואָפנטע קרעפטנ פונ דער סאָציאלער רעוואָליוציע אינ גאָר דער וועלט.

שוינ אפנ דורכפאל פונ דער רעוואָליוציע פונ 1905 י., האָט לענינ, אינ קעגנזאצ צומ מענשעוויק פלעכאנאָוו, געמאכט דעמ אויספיר ניט אינ דעמ, אז „מע האָט זיכ ניט געדארפט נעמענ פארנ געווער“, נאָר אז „מע האָט זיכ געדארפט מער אנטשיידענער, ענערגישער אונ אָנגריַיפנדיקער נעמענ פארנ געווער“. די לעקציעס פונ דער גענעראלער רעפּעטיציע פונ 1905 י. האָט דער פּראָלעטאריאט פעמט דיסקאָנטירט אינ 1917 יאָר.

אפנ 7־טנ פארטיי־צוזאמענפאָר אינ 1918 י. האָט לענינ געזאָגט:

„די ארמיי (אלטע ארמיי—אי. יע.) איז איצט א קראנקער טייל פונ רוסישנ מעלוכישנ אָרגאניזמ, וועלכע קאָנ ניט איבערטראָגנ די שווערקייטנ פונ דער מילכאָמע“. שטעלט ער דעמ טראָפּ אפ דער נייטיקייט, וואָס גיכער זי צו דעמאָבילוזירנ. דידאָזיקע אלטע ארמיי האָט זיכ אדאנק דער באָלשעוויסטישער אגיטאציע צווישנ די סאָלדאטישע מאסנ אפ די שוידערלעכע אימפעריאליסטישע פראָנטנ אינגאנצנ פאנאנדערגעלייגט אונ איז לויטנ דעקרעט פונ ראטנפאָלקאָמ פונ 10־טנ פעווראל דערקלערט געוואָרנ פאר דעמאָבילוזירט.

אינ פלאמ פונ בירגער־קריג האָט דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאריאט פונ סאָוועטנפארבאנד געזאמלט זײַנע בעסטע קרעפטנ פאר דער פארטיידיקונג פונ דער רעוואָליוציע. אונ אינ דויערנדיקנ פּראָצעס אינ קאמפ פארנ אָקטיאבער האָט זיכ אינ די ערשטע כאדאָשימ נאָכ דער רעוואָליוציע שוינ אויסגעשיילט די רעגולערע ארבעטער־פּויערישע רויטע ארמיי.

„מיר האָבנ געשאפנ אנ ארמיי, וועלכע צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע ווייס פאר וואָס זי קעמפט“,— האָט לענינ געזאָגט וועגנ דער ארמיי פונ אלוועלטלעכנ פּראָלעטאריאט.

דער היסטאָרישער דעקרעט פונ ראטנפאָלקאָמ מיט די אונטערשריפטנ פונ די כאווײרימ לענינ, קרילענקאָ אונ אנד. וועגנ גרינדנ די רויטע ארמיי אינ דער יונגער סאָוועטישער רעפּובליק, וואָס איז אָנגענומענ געוואָרנ דעמ 15־טנ פעווראל אונ איז אריַינ אינ קראפט דעמ 23־טנ פעווראל 1918 יאָר, שאצט אזוי אָפּ די צילנ אונ די אופגאבעס פונ דער רויטער ארמיי:

„די אלטע ארמיי האָט געדינט אלס געווער פונ קלאסאָווער אונטערדריקונג די ארבעטנדיקע דורכ דער בורזשואזיע. מיטנ איבערגיינ פונ דער מאכט צו די ארבעטנדיקע אונ עקספּלואטירנדיקע קלאסנ, איז ארויסגעוואקסנ די אומבאדינגטקײַט פונ שאפנ א נײַע ארמיי, וועלכע וועט זײַנ דער אָנשפאר פונ סאָוועטנמאכט איצט, דער פונדאמענט אפ פארבײַטנ מיט א שטענדיקער ארמיי, מיט אנ אלפאָלקישער באוואָפענונג אינ דער נאָענסטער צוקונפט אונ וועט דינענ אלס אונטערשטיצונג פאר דער קינפטיקער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע אינ אייראָפּע“.

שוינ פאר די ערשטע 2 מיט א האלבע כאדאָשימ פונ איר עקזיסטענצ האָט די רויטע ארמיי אָנגעציילט העכער פונ 10.000 פרײַוויליקע מיליטער־לײַט, די בעסטע זינ פונ ארבעטער־קלאס. נאָכנ איבערגייג פונ פרײַוויליקער צו אָבליגאטארישער מיליטער־דינסט לויט פריזיװ, האָט זי זיכ פאנאנדערגעוואקסנ אינ א מעכטיקנ פויסט פונ דער רעוואָליוציע.

ווי אפ אלע באצירקנ פונ אונדזער בויונג, אזוי אויכ אינ דער מיליטער־בויונג פונ אונדזער ארמיי איז לענינ געווענ דער געניאלער שעפער, אָרגאניזאטער אונ פירער.

„מיר לעבנ ניט נאָר אינ א מעלוכע, נאָר אינ א סיסטעמ פונ מעלוכעס, אונ די עקזיסטענצ פונ דער סאָוועטנ־רעפובליק בישכיינעס מיט אימפעריאַליסטישע מעלוכעס א לענגערע צײַט איז זינלאָז. סאָפקאָלסאָפ וועט אָדער איינע, אָדער דאָס אנדערע זיגנ. אונ ביזוואנענ דאָס וועט אָנקומענ זײַנענ אומפארמײַדלעכ א ריי סאמע שוידערלעכע צוזאמענשטויסנ צווישנ די סאָוועטנ־רעפובליקנ מיט די בורזשואזע מעלוכעס. דאָס הייסט, אז דער פראָלעטאריאט, ווי דער הערשנדיקער קלאס, אויב נאָר ער וויל אונ וועט הערשנ, דארפ דאָס באווײַזנ אויכ מיט זײַנ מיליטערישער אָרגאניזאציע" (לענינ).

די פאבריקנ אונ זאוואָדנ, די פארטיי, האָבנ אָפּגעגעבנ זייערע איבערגעגעבנסטע זינ אינ די רויטגווארדייִשע אָטריאַדנ אונ נאָכדעמ אינ די רעגולירע רויטארמיישע טיילנ שוינ אינ יול 1917 י. האָבנ אינ לענינגראד אליינ זיכ גערעכנט ביז 10.000 רויטגווארדייער. די רויטגווארדייִשע אָטריאדנ, פונ וועלכע עס איז שפעטער פאנאנדערגעוואקסנ אונדזער רעגולירע ארמיי, האָט געזיכערט דעמ זיג אינ אָקטיאבער 1917 יאָר.

אינ זײַנ בריוו צו די סיבירער ארבעטער אונ פויערימ, אינ צוזאמענהאנג מיט זייער זיג איבער קאָלטשאקנ, שרײַבט לענינ:

„אלע קרעפטנ, אלע מיטלענ, די גאנצע קענטעניש אינגאנצנ אָפּגעבנ דער זאכ פונ שאפנ אונ פארפעסטיקנ די רויטע ארמיי. ניט פאר שרעק, נאָר מיט געוויסנ אויספילנ אלע געזעצנ וועגנ דער רויטער ארמיי... אלזײַטיק העלפנ דער רויטער ארמיי..."

אנ אויסשליסלעכ־גרויסע ראָלע אינ שאפנ, בויענ אונ פעסטיקנ אונדזער רויטע ארמיי געהערט דעמ פעסטנ באָלשעוויק, דעמ פירער פונ אלוועלטלעכנ פראָלעטאריאט, דעמ כאווער סטאלינ.

„פאר לענינענ—שרײַבט כ' קאלינינ—איז שוינ אזוי ווי געווענ פארשטענדלעכ: די געפאר איז גרויס—הייסט עס, אז מע דארפ שיקנ סטאלינענ".

אפ די סאמע פאראנטוואָרטלעכסטע פראָנטנ, דאָרט, וו עס האָט זיכ מער פונ אלצ געפאָדערט די ענערגישע אָנפירונג פונ אונדזער פארטיי, איז געשיקט געוואָרנ דער כ' סטאלינ. ער האָט פערזענלעכ זיכ באטייליקט אונ אָנגעפירט מיט די פאראנטוואָרטלעכסטע פראָנטנ אינ צאריצינ, פ ע ר מ אפנ מײַרעוו־פראָנט.

„אינעמ כ' סטאלינ,—שרײַבט כ' וואָראָשילאָוו,—זעענ מיר די טיפישע שטריכנ פונ אנ אָרגאניזאטער פונ פראָלעטארישנ פראָנט".

די נעמענ אויכ פונ די כאווירימ ק ר י ל ע נ ק אָ, פ ר ו נ ז ע אונ פונעמ פאָלקאָמ—כאווער ו אָ ר אָ ש י ל אָ ו האָבנ ארײַנגעשריבנ גלענצנדיקע זײַטלעכ אינ אויספילנ דעמ ווילנ פונ אונדזער פארטיי, פונ דער רעוואָליוציע — אינ דער בויונג פונ אונדזער ארמיי, אינ

אירע זיגרײַכע קלאסאָווע שלאכטנ, ווו זי האָט זיכ פארהארטעוועט אונ אויסגעשמידט, באקומענ א רײַכע דערפארונג, אונ איז גרייט צו היטנ יעדנ שפאנ פונ דעם סאָציִאליסטישנ פאָטערלאנד, ווי דעם שווארצאפל פונ אויג.

דער גרויסער העראָיִזם, די אומויסשעפּלעכע איבערגעגעבנקײַט אונ קראפט פונ אונדזער ארמיי, וואָס איז געבוירנ דורכנ אָקטיאבער, ליגט אינ דעם, וואָס זי איז די איינציקסטע ארמיי אינ דער וועלט, וועלכע איז באוואָפנט מיט קלאסאָווער אופריכטיקײַט, מיט גרויסער איבערגעגעבנקײַט איר קלאס.

„די ערשטע גרונט־באזונדערקײַט פונ אונדזער ארמיי באשטייט אינ דעם, וואָס זי איז די ארמיי פונ די באפרײַטע ארבעטער אונ פויערים, זי איז די ארמיי פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, די ארמיי פונ דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט״.

„די צווייטע באזונדערקײַט פונ דער רויטער ארמיי באשטייט אינ דעם, וואָס זי, אונדזער ארמיי, איז אנ ארמיי פונ ברידערונג צווישנ פעלקער, אנ ארמיי פונ באפרײַונג פונ די ארבעטנדיקע פעלקער, אנ ארמיי פונ באשיצנ די פרײַהײַט אונ אומאָפּהענגיקײַט פונ אונדזער לאנד״.

„לעסאָף—די דריטע אייגנשאפט פונ דער רויטער ארמיי. זי באשטייט אינ גײַסט פונ אינטערנאציִאָנאליזם, אינ געפילנ פונ אינטערנאציִאָנאליזם, וואָס זאפנ דורכ אונדזער גאנצע רויטע ארמיי...״ (סטאלינ).

אינ קעגנזאצ דער מושטראָווקע אונ דערשלאָגנקײַט, וואָס די אלטע ארמיי האָט אויסגעארבעט אינעם סאָלדאט, קעדיי צו פארוואנדלענ אים אינ א בלינדער קראפט פאר דער פארטיידיקונג פונ דער הערשנדיקער בורזשואזער דיקטאטור, אינ קעגנזאצ צום איזדעקעווענ זיכ איבערנ סאָלדאט, דער נאהײַקע־דיסציפּלינ, דאָס דערווײַטערנ אימ פונ קולטור, פארשיקערנ אינ רעליגיעזנ אָפּיִעמ, אינ וואָס די אלטע רוסישע אונ הײַנטיקע בורזשואזע ארמייענ זײַנענ פארינטערעסירט, קעדיי צו פארשמירנ דעם פּאָליטישנ טאָכ פונ דער ארמיי—איז אונדזער רויטע ארמיי אווירקלעכע פּאָליטישע דערציִונג־שול. יעדנ יאָר לאָזט אונדזער רויטארמייִשע שול ארויס אינ די סאמע פארוואָרפנסטע ווינקלעכ פונעמ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד אקטיווע באוווסטזיניקע קעמפער פאר דער גענעראלער פארטיי־ליניע, קולטורעלע מענטשנ. פאר אירע יאָרנ האָט אונדזער רויטע ארמיי פונ איר סוויווע דערצויגנ אסאכ פּאָרזיצערס פונ רײַאָנע אונ דאָרפישע סאָוועטנ, אסאכ זײַנענ אוועק אינ די ארבפאקנ, הויכשולנ, רויטארמייִשער פרעסע, אפ די סאמע פאראנטוואָרטלעכסטע באצירקנ פונ דער סאָציִאליסטישער בויונג.

„אינעמ לאנד פונ די סאָוועטנ ווערט דער קעמפער פונ דער רויטער ארמיי דערצויגנ, ווי א בויער פונ דער נײַער קולטור, ער איז ניט נאָר דער פארטיידיקער פונ זײַנ פאָלק, נאָר ער ווערט אינ אסאכ פאלנ אונ אלצ מער דער לערער זײַנער״. (מאקסים גאָרקי „וועגנ דער רויטער ארמיי״).

„די דערציִונג פונעמ סאָלדאט אינ דער צארישער ארמיי איז געווענ אינגאנצנ געיארשנט פונ דײַטשלאנד. דעמ סאָלדאט איז געווענ פארבאָטנ צו ענטפערנ אפ די פראגעס פונ זײַנ קאָמאנדיר מיט א פּאָשעטנ ערלעכנ „איכ וויים ניט״, ער האָט געדארפט ענטפערנ מיט די ווערטער—„איכ קענ ניט וויסנ״. (מאקסים גאָרקי „וועגנ סאָלדאטישע אידייענ״).

אָט אזוי זייַנען אָפּגענומען געוואָרן די מענטשלעכע רעכט באַם ארבעטער און פויער אָנגעטאָנענעם אין סאָלדאטישן שינעל, אָט אזוי האָט אויסגעזען די באציִונג צום סאָלדאט אין דער צארישער ארמיי. אזוי זעט עס אויס אין די בורזשואזע ארמייען הייַנט. די רעוואָליוציאָנערע מיליטערישע דיסציפּלין אין דער רויטער ארמיי אונטערשיידט זיך דערמיט פון די איבעריקע ארמייען, וואָס האָבן עקזיסטירט און עקזיסטירן נאָך הייַנט אין די בורזשואזע לענדער, וואָס זי ווערט אלזייַטיק אונטערגעשטיצט מיט דער הויכער קלאסאָווער פּאָליטישער באוווסטזיניקייַט פון די קעמפער, קאָמאנדירן און פּארט־פּאָליט־טוער פון אונדזער רויטער ארמיי, וועלכע ווייסן קלאָר זייערע אויפגאבעס, אז זיי דינען זייער קלאס.

דער יאנואר־פּלענום פון צ.ק. און צ.ק.ק. אל.ק.פּ.(ב). האָט אונטערגעפירט די באָלשעוויסטישע סאַכאקלען פון אלוועלטלעכ־היסטאָרישן פינפיאָר. אין זייַן פּאָרטראג אפן דאָזיקן פּלענום האָט דער כ׳ סטאלין ברייט פּאנאנדערגעוויקלט דעם לייַזונג פון אונדזערע זיגן אין דער סאָציִאליסטישער בויונג פארן פארגאנגענעם עטאפּ, פאר וועלכן

„מיר האָבן זיך דערשלאָגן אזוינע ערנסטע דערגרייכונגען, וואָס רופן ארויס א באוווּנדערונג באַם ארבעטער־קלאס פון גאָרער וועלט. מיר האָבן זיך דערשלאָגן אזא זיג, וואָס האָט געוויס א בעעמעסע אלוועלטלעכ־היסטאָרישע באדייַטונג״.

דאָס איז אין דער צייַט, ווען דער אָנוואקסנדיקער קריזיס אין די קאפּיטאליסטישע לענדער פירט זיי צום אונטערגאנג. די בורזשואזיע זוכט אן אויסוועג פון אים אין א מילכאָמע, אין דער ערשטער ריי קעגן דעם לאנד, וואָס בויט דעם סאָציִאליזם.

אָן קיין שום צווייפל, אז ווען די פארטיי און די סאָוועטנמאכט וואָלטן ניט דורכגעפירט די פּאָליטיק פון פארשטארקן נאָכמער די שלאכט־פייִקייַט פון אונדזער ארמיי, וואָלטן מיר ניט געווען באוואָרנט אין דער מעגלעכקייַט פון אזוינע זיגן אינעם ערשטן פינפיאָר, ווייַל מיר האָבן ניט געקאָנט געניי וויסן ווען מע וועט אָנפאלן אפ אונדז, ווען דער פרידלעכער אָטעם־איבערכאפּ וועט זיך ענדיקן און די בורזשואו־אימפּעריִאליסטישע קרייַזן וועלן זיך סטארען שטערן אין דער סאָציִאליסטישער בויונג. ווי שטענדיק, און באזונדערס אין דער בויונג פונעם ערשטן פינפיאָר, האָט זיך די בורזשואזיע געסטארעט דאַ־דאָרט אונדז ארויסרופן אפ א מילכאָמע, שטערן אונדזער פרידלעכע סאָציִאליסטישע בויונג.

„פון אונדזער וואכזאמקייַט, פון אונדזער גרייטקייַט צו פארטיידיקן דאָס לאנד, איז אסאך אָפּהענגיק. פעסט דורכפירנדיק די פרידן־פּאָליטיק, דארפן מיר איצט ארויסווייַזן די געהעריקע וואכזאמקייַט און ענערגיע אין זין פון צוגרייטן די פארטיידיקונג פון פ.ס.ס.ר.״ (מאָלאָטאָוו).

„פון א לאנד א שוואכע און ניט קיין צוגעגרייטע צו פארטיידיקן, האָט זיך דער סאָוועטנפארבאנד פארוואנדלט אין א לאנד א מעכטיקע אין זין פון שוצפייִקייַט, אין א לאנד א גרייטע צו יעדע צופאלן, אין א לאנד, א פייִקע צו פּראָדוצירן אין מאסן־מאשטאב אלע הייַנטצייַטיקע פארטיידיקונג־געווער און באזאָרגן מיט זיי איר ארמיי אין פאל פון אן אָנפאל פון אויסווייניק״ (סטאלין).

דער פינפיאָריקער פּלאן האָט אויך אריינגעטראָגן א גרויסע ענדערונג אין פּערזענלעכן באשטאנד פון אונדזער רויטער ארמיי, וואָס שפּיגלט אָפּ די סאָציִאלע ענדערונגען אין לאנד. דער וווּקס פון ארבעטער־קלאס, דאָס איבערבויען די לאנדווירטשאפט אפ סאָציִאליסטישע רעלסן, האָט סטימולירט קעסיידער צום פארגרעסערן דעם ארבעטער־קאָלווירטישן

שיכט אינ די רייענ פונ דער רויטע ארמיי. פונ 18% אינ 1926 יאָר, איז דער ארבעטערשיכט אינ איר אינ 1932 יאָר אויסגעוואקסנ אינצווייענ.

עס וואקסנ די ארמייִשע באָלשעוויסטישע רייענ. אויב אינ די יאָרנ פונ בירגערקריג האָבנ מיר געהאט 10% קאָמוניסטנ, האָבנ מיר איצט אינ די רייענ פונ דער רויטער ארמיי 30% קאָמוניסטנ. דער פארטייִשער אונ קאָמיוגישער שיכט צוזאמענ גענומענ שטעלט פאָר בעערעכ 55% פונ אונדזער ארמיי.

אינ ווײַסרוסישנ מיליטער־קרײַז, ווי אינ דער גאנצער ארבעטער־פויערישער רויטער ארמיי האָבנ מיר געהאט א קעסיידערדיקנ צופלוס פונ די בעסטע קעמפער־שלאָגלער אינ דער פארטיי אונ קאָמיוג. בלויז פאר 3 קווארטלענ פונ 1932 יאָר זײַנענ אָנגענומענ געוואָרנ אינ פארטיי 13.073 מאנ. אנ ענלעכנ וווּקס האָבנ מיר פונ ארמייִשנ קאָמיוג: אינ 1924 יאָר איז אינ קאָמבאשטאנד געווענ 31,8% קאָמוניסטנ אונ קאָמיוגיסטנ, אינ 1926 יאָר—49,6%, אינ 1932 יאָר—63,6%.

צווישנ די נידעריקערע קאָמאנדירנ זײַנענ אינ 1926 יאָר געווענ 27,8% קאָמוניסטנ אונ קאָמיוגיסטנ, אינ 1932 יאָר—64%.

צווישנ די רויטארמייער: אינ 1926 יאָר—7,17%, אינ 1932 יאָר—38,7%.

די ארמייִשע קאָמוניסטנ אונ קאָמיוגיסטנ האָבנ געדינט אונ דינענ אלס בײַשפּיל פונ מוסטערהאפטער ארבעט, פונ שלאָגלערײַ אונ סאָצגעוועט. אינ דער דיסציפּלינ, אינ דער מיליטעריש־פּאָליטישער צוגרייטונג, אינ דער גאנצער אויפירונג באווײַזנ די ארמייִשע באָלשעוויקעס מוסטערהאפטע בײַשפּילנ.

די דריטע אלארמייִשע באראטונג פונ די סעקרעטארנ פונ די קעמערלעכ אל.ק.פ.(ב). האָט מיט רעכט פארשריבנ אינ דער רעזאָליוציע איבער כ' גאמארניקס פּאָרטראג:

„די מוסטערהאפטקײַט, דיווירקלעכ־פּאָרויסגייענדיקע ראָלע פונ די קאָמוניסטנ אונ קאָמיוגיסטנ אינ דער אקטיווער הילפ דער אָנפירונג, אנטשיידט אינ אויפהייבנ די קעמפערישע צוגרייטונג פונ דער ארמיי אפ אנ אויסערגעוויינלעכער הייכ".

דער קאמפ פאר הויכער רעוואָליוציאָנערער דיסציפּלינ איז איינע פונ די וויכטיקסטע רונגענ פונ דער בויונג פונ אונדזער ארמיי. אָנ דעמ וואָלט דער באוואָפנטער פּראָלעטאַריאט ניט פייִק געווענ צו זיגנ אינ 1917 יאָר, אָנ דער דיסציפּלינירטקײַט אונ אָרגאניזירטקייט, וואָס דארפ דורכדרינגענ אונדזער לעבנ אפ דורכ אונ דורכ, איז אומעגלעכ אויפהייבנ די קאמפּפייִקײַט פונ אנ ארמיי. לענינ האָט געשטעמפּלט פאר א פארעטער דעמ, וואָס האלט ניט אונטער מיט אלע קרעפטנ די אָרדענונג אונ דיסציפּלינ אינ דער רויטער ארמיי.

„דיסציפּלינ אונ אָרגאניזירטקײַט זײַנענ אונדז נייטיק, ווי לופט",—האָט כ' וואָראָשילאָוו געשריבנ אינ זײַנ בריוו דער 7־טער אלפארבאנדישער קאָמיוג־קאָנפערענצ. אינ משעכ פונ אירע 15 רומפולע יאָרנ האָט אונדזער ארמיי אפ קיינ רעגע ניט אָפּגעשוואכט דעמ קאמפ פאר א הויכער באוווסטזיניקער רעוואָליוציאָנערער דיסציפּלינ. באזונדערס דארפ דערדאָזיקער קאמפ פאר דיסציפּלינ אויפגעהייבנ ווערנ אינ די ספּעציִעלע טיילנ (טאנקאָווע, אוויִאציע אונ אנד.), צו וועלכע אונדזער פארטיי שטעלט ארויס אסאכ העכערע פאָדערונגענ. דידאָזיקע טיילנ זײַנענ בא אונדז אויפגעקומענ ווי פעסטע בראָנירטע פויסטנ פונ אונדזער ארמיי, אדאנק דעמ וווּקס פונ דער שווער־אינדוסטריִע פארנ פארגאנגענעמ פינפיאָר, וואָס האָט געגעבנ א מעגלעכקײַט צו דורכזאפּנ אונדזער ארמיי מיט הײַנטצײַטיקער טעכניק, מיטנ מאָטאָר.

דער כ׳ סטאַלינ האָט אינ זײַנ רעדע אפנ יאַנוואַר־פּלענום אָנגעוויזנ:

„צום סאָפ, איז די אופגאַבע פונ פינפיאָריקנ פלאַנ באַשטאַנענ אינ דעם, צו שאַפנ אינ לאַנד אַלע נייטיקע טעכנישע אונ עקאָנאָמישע פאָרהאַנאָכעס פאַר מאַקסימאַל אופהייבנ די שוצפייִקײַט פונ לאַנד, וואָס גיט די מעגלעכקײַט אָרגאַניזירנ אַנ אַנטשיידענעמ ווידערשטאַנד אַלע אונ אַלערליי פרוווּנ פונ אַ מיליטערישער אינטערווענצ פונ אויסווייניק, אַלע אונ אַלערליי פרוווּנ פונ אַ מיליטערישנ אָנפאַל פונ אויסווייניק...״

אינ רעזולטאַט פונ זיגרײַכנ אויספילנ דעם פינפיאָר האָט זיכ אונדז אײַנגעגעבנ שוינ אופהייבנ די שוצפייִקײַט פונ לאַנד אפ דער געהעריקער הייכ. דער וווּקס פונ פ.ס.ס.ר. פאַרנ פינפיאָר האָט געוויזנ אַ ריי אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס צו שליסנ מיט אונדז פּאַקטנ פונ ניט אָנפאַלנ.

דער כ׳ מאָלאָטאָוו האָט אפ דער דערעפענונג פונ דער דריטער סעסיע פונ צ.א.ק. פ.ס.ס.ר. פונ 6־טנ צונויפרופ מיט דער גאַנצער אויסשעפּלעכקײַט געמאַכט אַנ איבערזיכט וועגנ דער צווישנפעלקערלעכער לאַגע פונ סאָוועטנפאַרבאַנד אינ שײַנ פונ די סאַכאַקלענ פונ ערשטנ פינפיאָר, פאַר וועלכנ עס איז באַדײַטנדיק אויסגעוואַקסנ די סימפּאַטיעס פונ די אַרבעטנדיקע מאַסנ פונ אַלע לענדער צום פ.ס.ס.ר. אינ דעם דאַרפ מענ אײַנזענ אַנ ערנסטע פאַרפעסטיקונג פונ די צווישנפעלקערלעכע פּאָזיציעס פונ סאָוועטנפאַרבאַנד. די רויטע אַרמיי האָט זיכ ענג צוזאַמענגעבונדנ מיטנ אַלוועלטלעכנ רעוואָליוציאָנערנ פּראָלעטאַריאַט שוינ אינ די יאָרנ פונ בירגערקריג. „קיינ איינ קויל!״ „קיינ איינ טראַנספּאָרט־געווער די סאָנים פונ די סאָוועטנ!״—דאָס זײַנענ די שלאַכט־לאָזונגענ פונ דער צווישנפעלקערלעכער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

„אונדזערע באַציִונגענ מיט אַנדערע מעלוכעס,—זאָגט דער כ׳ מאָלאָטאָוו,—האָבנ זיכ ווי אַ געזעצ אַנטוויקלט פולקאָם נאָרמאַל... אפ וויפל אונדזערע באַציִונגענ מיט די אויסלענדישע רעגירונגענ ווערנ אָפגעשאַצט קוידעמקאָל מיט אונדזער אינערלעכנ וווּקס, מיטנ וווּקס פונ די קרעפטנ פונ דער סאָוועטנמאַכט... נאָר עס וועט זײַנ אָפּאָרטוניסטיש פונ ערגסטנ מינ, אויב מע זאָל דערלאָזנ דעם געדאַנק, אַז אפנ פראָנט פונ פאַרטיידיקנ אונ אינ דער ערשטער פונ פאַרפעסטיקנ אונדזער אַרמיי איז שוינ אַלצ געענדיקט. קאָלזמאַנ מיר לעבנ אינ אַ רונג פונ בורזשואַזע מעלוכעס, טאָר אפ קיינ האָר ניט אָפגעשוואַכט ווערנ אונדזער וואַכזאַמקײַט אויכ אינ צווייטנ פינפיאָר. די בעסטע וואָרענונג פאַר דעם, איז דער פרווו פונ די אימפּעריאַליסטנ צו „אָנטאַפנ״ מיט באַוואָפנטער קראַפט אונדזער שלאַכט־פייִקײַט אינ 1929 יאָר אפנ מיזרעכ. די צווישנפעלקערלעכע לאַגע דערמאָנט אונדז אָפדאָסנײַ וועגנ דער אומבאַדינגטקײַט פונ פאַרשטאַרקטער וואַכזאַמקײַט אונ, באַזונדערס, אַ באַזונדערע אופמערקזאַמקײַט צו דער לאַגע אפנ ווײַטנ מיזרעכ. דאָס דאַרפ געפינענ די אָפשפּיגלונג אינ אונדזער גאַנצער בויונג, וואָס איז דער גרונט פונ אונדזער עקאָנאָמישער אונ פּאָליטישער פעסטקײַט״ (מאָלאָטאָוו).

פאַר דער ווײַטערדיקער פאַרשטאַרקונג פונ אונדזער שוצפייִקײַט, פונ צוזאַמענבונד פונ אונדזער רויטער אַרמיי מיט די אַרבעטער, קאָלווירטישע אונ אַרבעטנדיקע מאַסנ, „פאַר

דעמ, אז יעדער ארבעטער, קאָלווירטניק אונ ארבעטנדיקער זאָל באהערשנ די מיליטער־קונסט, מוז סיסטעמאטיש געפירט ווערנ א קאמפ, ניט קוקנדיק דערופ, וואָס

„די רויטע ארמיי פונ סאָפ פונ ערשטנ פינפיאָר איז אינגאנצנ ניט ענלעכ אפ דער רויטער ארמיי פונ 1927־1928 יאָר, פונקט אזוי, ווי אונדזער לאנד מיט זײַנ נײַער עקאָנאָמישער געאָגראפיע, נײַע אינדוסטריעלע צענטרענ, נײַע אינדוסטריעלע גיגאנטנ, סאָווירטנ אונ קאָלווירטנ—איז לאכלוטנ ניט ענלעכ אפ פ.ס.ס.ר. פונ ענדע 1927 אונ אָנהייב 1928 יאָר. ווי אינ דער גאנצער אויספילונג פונ ערשטנ פינפיאָר־פלאנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, אזוי אויכ אינ דעמדאָזיקנ ספעציעלנ געביט—בויונג פונ דער רויטער ארמיי אונ איר טעכנישער איבערבאוואָפענונג איז נייטיק צו אָפצייכענענ אונ באזונדערס אונטערשטרײַכנ די אויסשליסלעכע ראָלע פונ כ׳ סטאלינ“.

(פונ כ׳ וואָראָשילאָווס פאָרטראג אפ א פארזאמלונג פונ פארטאקטיוו פונ מאָסקווער גארניזאָנ).

אונדזער רויטע ארמיי איז ניט אָפגעריסנ פונעמ אלגעמיינעמ אופשטײַג־פראָצעס פונ אונדזער לאנד. זי האָט זיכ אָרגאניזירט אונ געוואקסנ אינ מעשעכ פונ 15 יאָר עקזיסטענצ פונ דער פראָלעטארישער מעלוכע, יעדע אופגאבע פונ קאמפ פאר סאָציאַליזמ איז אויכ די אומיטלבארע אופגאבע פונ אונדזער ארמיי. קאמפ פאר באהערשנ די טעכניק, פאר הייבנ די פראָדוקציע־קרעפטנ, פאר פאנאנדערוויקלענ ברייט דעמ סאָצגעוועט אונ שלאָגלערײַ, וואָס מאכנ נאָכ מער רומפולער, קאָוועדיקער די דינסט אינ דער רויטער ארמיי, קאמפ פאר הייבנ די פאָליטישע יעדיעס, פאר הייכער רעוואָליוציאָנערער דיסציפלינ, פאר אָרגאַ־ניזירטקײַט, פאר א שטארקנ ווילנ פונ קאָמאנדיר, ריינע אונ באקוועמע קאזארמעס, קול־טורעלקײַט, פאר פארבעסערנ קעסיידער דעמ רויטארמייִשנ שטייגער — אָט דאָס איז דער ניט פול־אויסגערעכנטער צעטל פונ די אופגאבעס פונ אונדזער רויטער ארמיי. אונדזער אופגאבע איז פארשטארקנ דעמ פראָלעטארישנ שעפטומ איבער דער רויטער קאזארמע, אל־זײַטיק מיטהעלפנ אינ דער ארבעט דער רויטער ארמיי.

א גרויסע באדײַטונג האָט די באשטימונג פונ ראטפאָלקאָמ פ. ס. ס. ר. צומ 15־טנ אָק־טיאבער־יאָרטאָג וועגנ העכערנ דעמ געהאלט פאר דעמ פערזענלעכנ באשטאנד פונ דער ארבעטער־פויערישער רויטער ארמיי. ער פארבעסערט באדײַטנדיק די מאטעריעלע לאגע פונ דער ארמיי. א גרויסע אופגאבע אינעמ דאָזיקנ געביט ליגט זיכ אפ די שעפנ־פאבריקנ, זאוואָדנ, קאָלווירטנ אונ סאָווירטנ. זיי דארפנ אלזײַטיק זיכ אינטערעסירנ מיטנ לעבנ פונ דער רויטער קאזארמע, מיטהעלפנ זייערע אונטערשעפ־טיילנ, אויסשטאטנ די לעניג־ווינקלעכ, ביבליאָטעקנ, ראדיאָ, אויסשטאטנ די קאזארמעס, העלפנ אינ דער ארבעט די ראציאָנאלי־זאטערנ אונ דערפינדער, וואָס מיר האָבנ ניט ווייניק אינ דער רויטער ארמיי.

די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע האָבנ אינ מעשעכ פונ די 15 יאָר עקזיסטענצ פונ דער רויטער ארמיי ניט איינמאָל באשטעטיקט, אז

„בא אונדז האָט מענ די ארמיי ליב, מע אכטעט זי, מע זאָרגט זיכ וועגנ איר. אינ ערגעצ אינ דער וועלט זײַנענ ניטאָ אזוינע ליבלעכע אונ זאָרגזאמע באציִונגענ מיצאד דעמ פאָלק צו דער ארמיי, ווי בא אונדז“ (סטאלינ).

די דורכגעפירטע טאקטישע לימודימ פונ ווײַסרוסישנ מיליטערישנ קרײַז אונ פונ אנ־דערע קרײַזנ האָבנ באוויזנ דעמ גרויסנ וווּקס פונ דער טאקטישער פארפולקומונג פונ דער ארבעטער־פויערישער רויטער ארמיי. דאָסזעלבע האָט געגעבנ גרויסע דערגרייכונגענ דער

„אַלאַרמײַישער מאַרש פאַר פאַרפאָלקומונג אַפן נאָמען פון „15־טן יאָרטאָג פון דער רויטער אַרמײ״. באַזונדערס גרויסע דערגרייכונגען האָט זיך אונדזער אַרמײ דערשלאָגן אין קאַמף פאַר פאַרווירקלעכן דעם לאָזונג פון אונדזער פירער כ׳ סטאַלין וועגן באַהערשן די טעכניק.

אַפן שוועל פון איר 16־טן יאָרטאָג וועט אונדזער אַרמײ נאָכמער פאַרשטאַרקן איר מיליטערישע און פּאָליטישע צוגרייטונג, געדענקענדיק די פאַראַנטוואָרטלעכסטע אויפגאַבעס, וואָס זי טראָגט פאַרן אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, נאָכמער באַהעפטיקן אירע רייען אַרום דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ, רעוומילראַט און פּאָליט־פאַרוואַלטונג, אין קאַמף מיט אַלע אָפּנייגן פון דער גענעראַלער פּאַרטײ־ליניע, נאָכמער צונויפשמעלצן אירע באָלשעוויסטישע רייען אַרום דעם לענינישן צ.ק. אינדערשפּיץ מיט כ׳ סטאַלין.

„... לענין האָט ניט איינמאָל אָנגעוויזן, אַז דאָס פאַרשטאַרקן די רויטע אַרמײ און פאַרבעסערן איר צושטאַנד איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון אונדזער פּאַרטײ... מירן שווערן, כאַווײרים, אַז מיר וועלן ניט זשאַלעווען קיין קויכעס אַפּ דעם, קעדיי צו פאַרשטאַרקן אונדזער רויטע אַרמײ, אונדזער רויטן פלאָט״ (סטאַלין).

„די רויטע אַרמײ איז דער אָנשפּאַר פון פרידן. די רויטע אַרמײ איז געווען און בלײַבט די פאַרטיידיקערן פון די גרענעצן פון אונדזער מעלוכע. צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק, צוזאַמען מיט איר רעגירונג, צוזאַמען מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ, האָט די רויטע אַרמײ קיינמאָל ניט געטראַכט און וועט ניט טראַכטן וועגן אַן אָנגריפמילכאָמע. די רויטע אַרמײ האָט קיינעם ניט געדראָט און קלײַבט זיך ניט דראָען, נאָר זי, צוזאַמען מיט די אַרבעטנדיקע פון פאַרבאַנד וועט וואַכזאַם נאָכשפּירן נאָך אַלץ, וואָס עס טוט זיך בא די סאָוועטישע גרענעצן. אין אַ דראָענדיקן מאָמענט וועט די רויטע אַרמײ זײַן דאָרט, וווּ זי דאַרף זײַן״ (וואָראָשילאָוו).

מיט בלוט האָט דער פּראָלעטאַריאַט באַצאָלט באַם פאַרכאַפּן די מאַכט, וועלכע ער האַלט שוין פעסט אין זײַנע הענט דעם 16־טן יאָר. די ערשטע אין דער וועלט רויטע אַרמײ האָט ער געשאַפן צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט. די דאָזיקע רויטע אַרמײ וועט קיינמאָל קיינעם ניט דערלויבן אָנגרײַפן אַפן סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד. אין פאַל פון אַ מילכאָמע, וואָס איז אומפאַרמײַדלעך, וועט אונדזער רויטע אַרמײ פאַר יערן שפּאַן פון אונדזער ערד זיך שלאָגן אַזוי, „ווי עס קאָנען זיך ראַנגלען נאָר באָלשעוויקעס.

ב. קאבאקאָוו

# שטארקער דעם פײַער קעגנ די אנטפלע-קונגענ פונ בורזשואזנ נאציאָנאליזמ

אינ אנטשיידענעם קאמפ קעגנ דעם קלאסנ־טוינט און זײַנע אגענטנ אינ די פארטיי־רייענ. אינ קאמפ פאר פארווירקלעכנ די לעניניש נאציאָנאלע פאָליטיק, האָט דער ארבעטער־קלאס פונ וו.ס.ס.ר., אונטער דער אָנפירונג פונ דער ק.פ.(ב)וו., זיכ דערשלאָגנ ריזיקע דערפאָלגנ אינ בויענ דעמ סאָציאַליזמ, אונ אנטוויקלענ א קולטור—א נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ, א סאָציאַליסטישע לויטנ אינהאלט.

דער XVI צוזאמענפאָר פונ דער אל.ק.פ.(ב). האָט אונטערגעשטראָכנ די גאנצע וויכטיקײַט אונ באדײַטונג פונ דורכפירנ די לעניניש נאצפאָליטיק אינ רעקאָנסטרוקטיוו פעריאָד, אָפציייכענענדיק, אז די פארשארפונג פונעמ קלאסנקאמפ אינ לאנד ברענגט צו דעמ, עס זאָלנ זיכ אקטיווירנ די אָפנויגנ אינ דער זײַט פונעמ גרויסהערשערישנ שאָוויניזמ אונ אָרטיקנ נאציאָנאליזמ.

פאר דער לעצטער צײַט האָבנ מיר אינ וו.ס.ס.ר. א געוויסע אופלעבונג פונ די אנטי־סאָוועטישע עלעמענטנ, וועלכע, מאסקירנדיק זיכ אונטער דער פאלש־נאציאָנאלער פאָנ, טוענ זייער שעדיקערישע ארבעט. די פאקטנ, וואָס מיר האָבנ געהאט אינ מאָזירשטשינע, אינ מעלוכע־ערד־טרעסט, אינ ווײַס־מעלוכע־באזאָרג, זאָגנ אײדעס, אז די צעקלאפטע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע נאציאָנאל־דעמאָקראטישע עלעמענטנ פרווונ זיכ ווידער אפ אייניקע באצירקנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג אופלעבנ זייער באלעגופישע, אנטיסאָוועטישע ארבעט.

דער פאנאנדערגעוויקלטער אָנגריפ פונעמ סאָציאַליזמ איבערנ גאנצנ פראָנט, די קאָלאָ־סאלע לויט זייער מאסשטאב אונ היסטאָרישנ זינ דערגרייכונגענ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, רופנ ארויס א פאראקשנטנ ווידערשטאנד פונ די רעשטלעכ פונ צעקלאפטנ פויערטומ. נעמלעכ דערפאר, וואָס מיר זײַנענ ארײַנגעטראָטנ אינעמ צווייטנ פינפיאָר, אינעמ פינפיאָר פונ אויסבויענ די אָנקלאסאָווע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, נעמלעכ דערפאר, וואָס מיר דערנעענטערנ זיכ אלץ מער צומ אויסבויענ בא אונדז אינ לאנד דעמ סאָציאַליזמ, אָט דערפאר שטרענגענ אָנ אלע אנטיסאָוועטישע עלעמענטנ, אָנהויבנדיק פונ די קולאקעס, אָפאָרטוניסטנ, נאציאָנאל־דעמאָקראטנ, אונ ענדיקנדיק מיט די בורזשואזע איבערגעבורטלער אינ דער פארטיי גופע, זייערע לעצטע קויכעס אפ אראָפרײַסנ אונדזערע דערפאָלגנ.

אָט פארוואָס איצט פאָדערט זיכ א באזונדערע באָלשעוויסטישע וואכזאמקײַט אינעמ קאמפ קעגנ יעטווידער אָפנויג פונ דער גענעראלער פארטיי־ליניע, פונ דער לענינישער

נאצפּאָליטיק אפּ אלע פראָנטנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, איבערהויפּט אפּנ אידעאָ־
לאָגישנ פראָנט.

צומ 15־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָבנ מיר אונטערגעפירט א סאַ־
כאקל אונ אָפּגעצייכנט די גרויסע דערגרייכונגענ פונ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור,
וועלכע וואקסט פונ יאָר צו יאָר.

די היסטאָרישע באשטימונגענ פונ צ.ק.אל.ק.פּ.(ב). פונ 23־טנ אפּרעל 1932 י. אונ פונעמ
צ.ק.ק.פּ.(ב)ו. וועגנ איבערבויענ די ליטעראריש־קינסטלערישע אָרגאניזאציעס האָבנ אָפּגע־
מערקט א גרויסנ קוואנטיטאטיווג אונ קוואליטאטיווג וווקס פונ דער סאָוועטישער קינסט־
לערישער ליטעראטור אונ דעמ קער פונ די גרונט־מאסנ פונ דער שרײַבערישער אינטע־
ליגענצ אינ זײַט פונ דער סאָוועטנמאכט אונ צו דער סאָציאַליסטישער בויונג, וואָס איז
א רעזולטאט פונעמ דערפאָלגרײַכנ קאמפּ, וועלכע עס פירט די פּארטיי אפּ צוויי פראָנטנ
אינ געביט פונ ליטעראטור אונ קונסט. אָט די באשטימונגענ שטעלנ באזונדער שארפּ די
פראגע וועגנ דער נייטיקײַט באוואָרענענ אפּ ווײַטער א נאָכמער גיכנ וווקס פונ דער
ליטעראטור אונ קונסט, די נייטיקײַט קעמפּנ פאר בעעמעס פולבלוטיקע קינסטלערישע
ווערק, פאר מאגניטבויענ פונ דער ליטעראטור אונ קונסט. אונ מיר קענענ שוינ איצטער
זיכער זאָגנ, אז אָט די באשטימונגענ האָבנ געדינט אלס א מעכטיק געווער אונ שטויס
פארנ נײַעמ אופשטײַג אונ אופבלי, פאר דער קאָנסאָלידאציע פונ די קרעפטנ פונ דער
סאָוועטישער ליטעראטור. אלס בעסטער באווײַז פונ דעמ, אפּ וויפל די בעסערע טייל פונ
דער שרײַבערישער אינטעליגענצ פונ וו.ס.ס.ר. האָט זיכ בעעמעס א קער געטאָנ מיטנ
פּאָנעמ צו די אקטועלסטע אופגאבנ פונ אונדזער הײַנטצײַטיקײַט, אלס בעסטער באווײַז
פונ דעמ, אפּ וויפל עס איז וויכטיק אונדזער באָלשעוויסטישער קאמפּ אפּנ ליטעראטור־
פראָנט אינ וו.ס.ס.ר., קענענ דינענ די ניט לאנג דורכגעפירטע צוויי 50־יאָריקע יובילייענ
פונ די ווײַסרוסישע פאָלק־פּאָעטנ — יאנקא קופּאלא אונ יאקוב קאָלאס.

פײַערנדיק יאנקא קופּאלאס יובליי, האָבנ מיר געהאט א מעגלעכקײַט דורכדעמאָנ־
סטרירנ פאר דער גאנצער סאָוועטישער אונ פראָלעטארישער געזעלשאפטלעכקײַט אונדזער
ריזיקנ וווקס, אונדזערע זיגנ אפּנ פראָנט פונ ליטעראטור, אָבער צוגלײַכ מיט דעמ האָבנ
מיר געהאט א ריי ניט ריכטיקע, אנטילענינישע, נאצדעמאָקראטישע ארויסטרעטונגענ אינ
דעמ צוגאנג צו אָפּשאצנ קופּאלאס שאפונג.

עס איז ניט קיינ כידעש, וואָס אייניקע אונדזערע שרײַבער, פּאָעטנ האָבנ געוואָלט
צומ 50־יאָריקנ יובליי פונ יאנקא קופּאלא ארויסטרעטנ אונ זאָגנ זייער וואָרט. די זאכ
אָבער באשטייט אינ דעמ, וואָס אינ אייניקע אזעלכע ארויסטרעטונגענ האָבנ מיר נאצדעמאָ־
קראטישע פּרוווּנ פארשמירנ אלע נאציאָנאליסטישע גרײַזנ פונעמ „נאשא־ניוואַ“־פּעריאָד,
וועלכע זײַנענ געווענ בא יאנקא קופּאלא. מיר האָבנ געהאט א כוצפּעדיקנ קאָנטער־רעוואָ־
ליוציאָנערנ ארויסטריט פונ איינעמ סידאָרענקאָ אינ זײַנ ארטיקל „דעמ פּאָעטס וועג“
(זשורנאל „בעלארוס קאָלהאסנאיא“ נומ. 6־7 1932 י.), וועלכע גייט אינגאנצנ ניט קיינ ריכ־
טיקע, אנטילענינישע, נאצדעמאָקראטישע אָפּשאצונג פונ יאנקא קופּאלאס שאפונג. אינעמ
זעלבנ זשורנאל איז אויכ געווענ אָפּגעדרוקט א קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע פּאָעמע „זשורא־
וויני“ פונעמ ווײַסרוסישנ שרײַבער ניקאָנאָוויטש. מיר האָבנ אויכ געהאט נאצדעמאָ־
קראטישע ארויסטרעטונגענ אינ די ארטיקלענ פונ אלעס קוטשער וועגנ יאנקא קופּאלאס
שאפונג.

אינעם איצטיקנ ארטיקל שטעלנ מיר זיכ ניט פאר א ציל גענוי באלויכט די אלע פראגנ. מיר ווילנ נאָר דאָ מער־ווייניק געגוי אָפשטעלנ זיכ אפ איינער אזא ארויסטרעטונג, נעמלעכ וועגנ דער אימפרעסיע פונ ווײַסרוסישנ שרײַבער באראנאָוויכ „מאטשינ סינ" (צײַטונג „ליטעראטורא אי מאסטאצטווא", נומ. 17, 1932 י.). אונ מיר האלטנ, אז אינ אָטאָ דעם ווערק איז באזונדערס בוילעט כאָטש אינ א פארמאסקירטער פאָרם, ארויסגעטראָטנ דער נאצדעמאָקראטיזמ באמ אָפשאצנ די ליטעראַרישע טעטיקײַט פונ יאנקא קופאלא.

ווי גייענ מיר צו צו אָפשאצנ קופאלאס שאפונג? צו דער ליטעראַרישער ירושע פונ יאנקא קופאלא באציט זיכ דער פראָלעטאריאט קריטיש; פונ קופאלאס שאפונג נעמענ מיר אלע אירע דעמאָקראטישע, רעוואָליוציאָנערע עלעמענטנ אונ ווארפנ אנטשיידנ אָפ אלצ, וואָס איז נאציאָנאליסטיש, פײַנטלעכ, ווײַל „ניט קלאָר פארשטייענדיק, אז בלויז דורכ געגוי ויסנ די קולטור, וועלכע איז באשאפנ געוואָרנ דורכ דער גאנצער אנטוויקלונג פונ דער מענטשהײַט, בלויז איבעראַרבעטנדיק זי, קענ מענ בויענ די פראָלעטארישע קולטור,— אָנ אזא פארשטיינ וועלנ מיר דידאָזיקע אופגאבע ניט דערלייזנ. די פראָלעטארישע קולטור איז ניט ארויסגעשפרונגענ פונ ערגעצ ווו, איז ניט קיינ אויסטראכטעניש פונ מענטשנ, וועלכע רופנ זיכ ספעציאַליסטנ איבער פראָלעטארישער קולטור. דאָס אלצ איז א פולקומע פלוידערײַ. די פראָלעטארישע קולטור דארפ זײַנ א געזעצמעסיקע אנטוויקלונג פונ יענע זאפאסנ קענטענישנ, וועלכע די מענטשהײַט האָט אויסגעארבעט אונטערנ יאָכ פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, פונ דער פריצישער געזעלשאפט, פונ דער טשינאָווניקישער געזעלשאפט" (לענינ). בייסנ יובילײ האָבנ מיר אָפגעצייכנט, אז יאנקא קופאלא דערנע־ענטערט זיכ פאר דער לעצטער צײַט צומ ריכטיק פארשטיינ די אופגאבע פונעמ פאנאנ־דערגעוויקלטנ סאָציאַליסטישנ אָנגריפ, זײַנע לעצטע לידער דינענ אלס בעסטער באווײַז פונ דעמ. די נאציאָנאל אונ סאָציאַל־פאשיסטנ, די פארשיידענע לוצקעוויטשעס סטארענ זיכ אופווײַזנ, אז יאנקא קופאלאס שאפונג איז די שאפונג פונעמ גאנצנ: ווײַסרוסישנ פאָלק, אײַנשליסנדיק אהער אי דעמ פאָרעצ, אי דעמ פאבריקאנט, אי דעמ גאלעכ אונ אלע אנדערע סאָנימ פונ פראָלעטאריאט אונ פונ דעמ ארבעטנדיקנ פויערטומ. יאנקא קופאלא האָט זייער ריכטיק אינ זײַנ בריוו אינ רעדאקציע פונ 9־טנ סעפטיאבער 1932 י. געשריבנ: „די ווײַס־רוסישע נאציאָנאל־פאשיסטנ, וועלכע טוענ די זאכ פונעמ פוילישנ אונ אלוועלטלעכנ אימפעריאליזמ, סטארענ זיכ אויסנוצנ אויכ מײַנ 50־יאָריקנ יובילײ פאר זייערע העסלעכע פראָוואָקאציאָנעלע צוועקנ. זיי פארשפרייטנ קלאנגענ, אז די באָלשעוויקעס האָבנ מיכ קלוימערשט געצוווּנגענ שרײַבנ אזוי, ווי איכ שרײַב איצט. איכ ווארפ אָפ מיט אופרעגונג אָט דידאָזיקע פאשיסטישע רעכילעס".

אונ סימאָנ בארנאָוויכ אינ זײַנ „מאטשינ סינ" וויל, אינ טאָכ גענומענ, אופווײַזנ, אז קופאלא האָט זיכ ניט איבערגעבויט, אז קיינ שומ נײַס אינ זײַנ שעפערישנ מעטאָד איז ניטאָ, אז קופאלא ווי ער איז געווענ דער „מאמעס זונ", וועלכער האָט טרערנ געגאָסנ איבער דער ביטערער דאָליע פונ זײַנ לאנד, וויינט אויכ איצט, זינגענדיק זיכ אפ זײַנ פײַפל, האָפנדיק אפ בעסערע צײַטנ.

בארנאָוויכ הייבט אָנ זײַנ אימפרעסיע פונ דעמ, וויאזוי די מאמע האָט געוויגט איר זונ אונ האָט אימ געזונגענ וועגנ דעמ, אז עס וועט אויסוואקסנ איר זונ, וועט ער זײַנ א גרויסער, א דרייסטער...

האָט געוויגט די מאמע דעמ זונ
אינ א וויגעלע א ליפאָווער

און געזונגען אים אַ ליד
אָט אַזוי וואָרט אין וואָרט:
— ליר־ליו־לי, קלײנינטשקער מײַנער!
שלאָף און זאָלן זיך דיר חלומען פריילעכע שפּילערײַען,
אַז דו וועסט אױסוואַקסן אַ גרויסער, —
פאַרגעס ניט דײַן מאַמינקען.
ליר־ליר־לי, קלײבינטשקער מײַנער!
שלאָף, צענויפגעלייגנדיק אין אַ ציילעם די דלאָניעס.
וועסט אָבער אויסוואַקסן אַ גרויסער, —
פאַרגעס זיך ניט אָפ דײַן לאַנד.

וואָס איז דאָ כאַראַקטעריסטיש? לויט באַראַנאָוויטש קומט אויס, אַז יאַנקאַ קופּאַלאַ האָט פון קינדווײַז אויף באַוויינט אַלץ זײַן לאַנד, „צענויפלייגנדיק אין אַ ציילעם די דלאָניעס“. דאָ האָט באַראַנאָוויטש אָנגעטאָן קופּאַלאַס גאַנצן שעפערישן וועג אין רעליגיעזע, שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַליסטישע געשטאַלטן (מאַמינקע—לאַנד—ווײַסרוסלאַנד פליוס אַ ציילעם). ער דערגאַנצט נאָך דעמדראָזיקן פּײזאַזש:

„אָפּן הויף האָט די קוקאַווקע געקוקיריעט“.

זעט איר שוין, ווי דאָס איז אַלץ זעלטן שיין, פּאָעטיש!... אונטער דער פאַלש־נאַציאָנאַלער פאָן, אונטער די שמועסן וועגן דער אייגענער לאַנד, וועגן דער מאַמעס זון, מיט פראַזן וועגן אַלגעמיין־מענטשלעכעס, וועגן „מענטשן“, וועגן „אײניקלעך“ האָט זיך באַראַנאָוויטש געקליגט קיין איין וואָרט ניט שרײַבן וועגן יענעם קאַמף, וועגן דעם העראָישן קאַמף, וועלכן עס האָט געפירט דער פּראָלעטאַריאַט און דאָס רעוואָלוציאָנערע פּויערטום קעגן דעם צאַר, קעגן דעם פּאָמעשטשיק. באַראַנאָוויטש ווייס נאָר, אַז דער „מאַמעס זון“ האָט שטאַרק געוויינט און אַז ער האָט אָנגעהייבן טרײַבן אין פעלד, האָט ער אָנגעהייבן שפּילן אָפּ דער פײַפל און „מענטשן גייען דורך, הערן זיך צו, ווי עס שפּילט דער מאַמעס זון און וויינען ווילט זיך פון דעררדאָזיקער מוזיק“.

און אָט ווי באַראַנאָוויטש שטעלט זיך פאָר דעם ווײַטערדיקן שעפערישן וועג פון יאַנקאַ קופּאַלאַ: „אַליין איז געבליבן דער זון. האָט די מאַמע, דער טאַטע געזאָגט צום זון: מיר האָבן דיך אויסגעהאָדעוועט, ביסט שוין אויסגעוואַקסן... און קרעפטן האָסטו אויך... זוך אַליין דײַן דאָליע... ביסט דאָך ניט קיין פּיטשינקער“.

אין באַראַנאָוויטשס נאַצדעמאָקראַטישער פאָרמולע איז צוגעקומען נאָך אַ נײַס. אויב פריִער האָט ער גערעדט וועגן דער אייגענער לאַנד, וועגן דער היימלאַנד פליוס אַ ציילעם, דאַרף מען שוין צוגעבן אויך די דאָליע... און דאָס דרינגט שוין בעמײַלע אַרויס פון באַראַנאָוויטשס צוגאַנג.

ווען דו גלויבסט אין ציילעם, דאַרף מען שוין, זעלבסטפאַרשטענדלעך, זײַן אויך אַ פאַטאַליסט, מע דאַרף זוכן די „דאָליע“, הייסט דאָס, אַז קיין שום קלאַסנקאַמף אין רוסישן פאָלק איז ניטאָ, אַז דאָס ווײַסרוסישע לאַנד, די ווײַסרוסישע נאַציע, אין נאַציאָנאַלדעמאָקראַטישן און פאַשיסטישן פאַרשטיין, איז אַן אײנהײַטלעכע, ניט אָפּרײַסבאַרע, אַ גאַנצע. אויפן 16־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט ח׳ סטאַלין געזאָגט: „דער טאָך פונעם אָפּנויג צום ענגסטיקן נאַציאָנאַליזם באַשטייט אין דער שטרעבונג אָפּזונדערן זיך און פאַרשליסן זיך אין די ראַמען פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער שאָלעכץ: אין דער שטרעבונג פאַרטושירן די קלאַסאָווע ווידערשפּרוכן אין דער נאַציע גופע, אין דער שטרעבונג פאַרטיידיקן זיך פון

דעם גרויסרוסישן שאָוויניזם דורכ אָפּגיין פונעם אַלגעמיינעם שטראָם פון דער סאָציאַליסטישער בוייונג, אינ דער שטרעבונג ניט זען דאָס, וואָס עס דערנעענטערט און פאַראייניקט די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די נאַציאָנאַליטעטן פון פ.ס.ס.ר. און זען נאָר דאָס, וואָס עס קען זי, דערווייַטערן איינע פון דער צווייטער. דער אָפּנויג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם שפּיגלט אָפּ די ניטצופרידנקייַט פון די אָפּלעבנדיקע קלאַסן פון די פריִער אונטערדריקטע נאַציעס מיטן רעזשים פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, זייער שטרעבונג אָפּזונדערן זיכ אינ אַן אייגענער נאַציאָנאַלער מעלוכע און אייַנשטעלן דאָרטן די אייגענע קלאַסנהערשונג. די געפאַר פון דעמדאָזיקן אָפּנויג באַשטייט אין דעם, וואָס ער קולטיווירט דעם בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, שוואַכט אָפּ די איינהייַט פון די אַרבעטנדיקע פעלקער אין פ.ס.ס.ר. און דינט די אינטערווענציאָניסטן״. דער ווייַסרוסישער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיזם, וועלכער איז דער אָטריאַד פון דער פּוילישער און צווישנפעלקערלעכער רעאַקציע, האָט געקעמפט און קעמפט פאַר רעסטאַווירן דעם קאַפּיטאַליזם און באַנייַען די פּריציש־קולאַקישע דיקטאַטור.

לויט באַראַנאָוויכ קומט אויס, אַז דאָס אָפּלייקענען דעם קלאַסנקאַמף, די שטרעבונג צו שאָלעם מאַכן צווישן קלאַסן, וויל דער מאַמעס זון (לייענט—קופּאַלאַ) אויכ איבערגעבן די אייניקלעך, ד. ה. דעם יונגן דאָר. באַראַנאָוויכ שרייַבט: „האָט געזאָגט דער מאַמעס זון צו זייַנע אייניקלעך: „אויב עס וועט סטייַען צייַט אָפּ לעבן—וועלן מיר אופזוכן״, באַטייַט עס, אַז דער מאַמעס זון האָט נאָכ די אייניקלעך זייַנע געלערנט, אַז ער וועט די דאָליע אויסזוכן, ד. ה., אַז מע דאַרף ניט קיין קלאַסנקאַמף, אַז אַלצ וועט קומען בעמייליע אַליין. איז ווו זשע איז דער קאַמף פאַר דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע? אָט וואָס לענין האָט געשריבן: „מע דאַרף האָבן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, די מאַכט פון איין קלאַס, די קראַפט פון זייַן אָרגאַניזירטקייַט און דיסציפּלינירטקייַט, זייַן צענטראַליזירטע קראַפט, וואָס שפּאַרט זיכ אָן אָפּ אַלע דעראָבערונגען פון דער קולטור, וויסנשאַפט, טעכניק פון קאַפּיטאַליזם, זייַן פּראָלעטאַרישע נאָענטקייַט צו דער פּסיכאָלאָגיע פון יעדן אַרבעטנדיקן, זייַן אויטאָריטעט פאַר דעם צעשפּליטערטן, ווייניקער אַנטוויקלטן, ווייניקער שטייַפן אין דער פּאָליטיק אַרבעטנדיקן מענטשן פון דאָרף אָדער פון דער קליין־פּראָדוקציע, קעדיי דער פּראָלעטאַריאַט זאָל קענען פירן נאָכ זיכ דאָס פּויערטום און אַלע קליינבורזשואַזע שיכטן ביכלאַל. דאָ וועסטו מיט פּראַזיאָרישקייַט וועגן „דעמאָקראַטיע״ ביכלאַל, וועגן דער „איינהייַט״ אָדער וועגן „דער איינהייַט פון דער אַרבעטנדיקער דעמאָקראַטיע״, וועגן דער „גלייַכהייַט״ פון אַלע „מענטשן פון אַרבעט״ א. א. וו. א. ד. ג. — מיט אָט אַזאַ מין פּראַזיאָרישקייַט, אָפּ וועלכער עס זייַנען אַזוי פייִק די פאַרקליינבירגעוועטע סאָציאַל־שאָוויניסטן און קאַוטסקיאַנער — מיט פּראַזעאָלאָגיע וועט איר אין דער זאַכ ניט העלפן. די פּראַזיאָרישקייַט פאַרמיסטיקט נאָר די אויגן, פאַרבלענדעט דעם זעם באַוווּסטזייַן, פאַרשטאַרקט די אַלטע טעמפּקייַט, פאַרגליווערטקייַט, רוטינע פון קאַפּיטאַליזם, פּאַרלאַמענטאַריזם, פון בורזשואַזער דעמאָקראַטיע״ (לענין, באַנד 24, ז. 315),

פאַר באַראַנאָוויכ, ווייַזט אויס, האָט מען דאָס ניט געשריבן.

בא באַראַנאָוויכ איז די מאַמע—ווייַסרוסלאַנד גענומען געוואָרן אַלס עפּעס א גאַנצעס אויסערקלאַסאָווע, אידעאַליזירנדיק דעם היסטאָרישן אָוואַר, לדי פּאַנשטשינע פון ווייַסרוסלאַנד. ניטאָ גאָרנישט וועגן קלאַסן, וועגן דעם פּראָלעטאַריאַט, וועגן דער פּאַרטיי. באַראַנאָוויכ באַטראַכט דעם פּאָעט קופּאַלאַ, ווי א איינמאָל אָפּ שטענדיק געגעבענעם „מאַמעס זון״, א זון פון ווייַסרוסלאַנד — און גאָר, אַזוי פאַרשטייַן קופּאַלאַס שאַפן האָט אָביעקטיוו

דעם ציל צו זאָגנ. אז קײנ שום נײַס איז אינ דער אנטוויקלונג פֿונ יאנקא קופּאלאס שעפֿערישנ וועג ניטאָ, אז אים האָט אויסגעהאָדעוועט די אלטע „הײמלאנד" — אונ גאָר. דאָ וואַרט די מאמע—הײמלאנד אופגעהײבנ ביז אנ אבסאָליוט.

מע דאַרפֿ אנטשײדנ פֿאַרורטײלנ די ארויסטרעטונג פֿונ סימאָנ באַראנאָוויטש אלס א רעדיציוו פֿונ ווײַסרוסישנ נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיזם. דידאָזיקע ארויסטרעטונג פֿונ באַראנאָוויטש איז נאָכמער א געפֿערלעכע, ווײַל זי איז א פֿאַרמאַסקירטע. דאָס דאַרפֿ דינענ אלס לעקציע אויכ פֿאַר דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור, אינ וועלכער מיר האָבנ אויכ אנ אקטיוויזאַציע פֿונ די נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטנ.

דער ארבעטער־קלאַס, אלע ארבעטנדיקע וועלנ פֿאַרזעצנ דעם באָלשעוויסטישנ קאַמפּ פֿאַר אינדוסטריאַליזירנ אונ קאָלעקטיוויזירנ דאָס לאנד, פֿאַר דער ווײַטערדיקער שטורמישער אנטוויקלונג פֿונ דער סאָציאַליסטישער קולטור, קונסט, ליטעראַטור, פֿאַר אויסבויענ אנ אָנקלאַסאָווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפֿט אונ אונטער דער אָנפֿירונג פֿונ לענינס פּאַרטײ וועט ער געבנ אנ אנטשײדנעם ווידערשטאנד יעדערנ, ווער עס וועט זיכ פּרוּוונ שטערנ דאָס באַוועגנ זיכ פֿאָרויס צום סאָציאַליזם.

י. בראָנשטיין

# וועגן סאָציאַליסטישן רעאַליזם און קינסט־לערישן עמעס[1]

1

כאַווײרים! ארויסטרעטנדיק אפן יאַנוואַר־פּלענום פון צ.ק. און צ.ק.ק. אל.ק.פ.(ב), האָט דער כ׳ סטאַלין נאָך און נאָכאמאָל צוגעשמידט די אופמערקזאמקייט פון דער פּאַרטיי צו דער פראַגע וועגן „ארבעטן אפ א נייעם אויפן“.

וואָס באטייט עס—ארבעטן „אפ א נייעם אויפן“ אין די איצטיקע היסטאָרישע אומשטאַנדן?

דאָס הייסט,—„ארײַנדרינגען אין אַלע קלייניקייטן“ פון יעדער ארבעט, מיט וועלכער דו פירסט אָן, וועלכע דו טוסט. דאָס הייסט—ניט אָנפירן „אין אַלגעמיין“, מיט אַלגעמיינע פראַזן און לאָזונגען, נאָר „ארײַנדרינגען אין דער טעכניק פון דער זאַך, ארײַנדרינגען אין די דעטאַלן פון דער זאַך, ארײַנדרינגען אין די „קלייניקייטן“, ווײַל פון „קלייניקייטן בויען זיך איצט גרויסע זאַכן“.

פאַר אונדז—טוער אפן ליטעראַטור־פראָנט—באַקומט דידאַקטיקע אָנווײַזונג פון כ׳ סטאַלין אַן ערשטראַנגיקע באַדײַטונג, באַזונדערס אפן געגעבענעם עטאַפּ, ווען עס קומט נאָך אויס אַלץ צו קאָנסטאַטירן, אַז דער געהעריקער איבערברוך אין אונדזער ארבעט איז נאָך ניטאָ.

וואָרעם טאַקע אפ דער אָפּוועזנהייט פון קאָנקרעטער ארבעט און קאָנקרעטער אָנפירונג מיט דער ליטעראַטור, „ארײַנדרינגענדיק אין דער טעכניק פון דער זאַך“, ארײַנדרינגענדיק אין דעטאַלן, טאַקע אפן וווּלגאַריזאַטאָרישן סכעמאַטיזם פון א טייל פון אונדזער קריטיק, וואָס איגנאָרירט די ספּעציפיק פונעם ליטעראַטור־געביט, האָט ניט איינמאָל אָנגעוויזן דער צענטראַל־אָרגאַן פון אונדזער פּאַרטיי—„פּראַוודאַ“.

דער שוואַכסטער אָרט פון א גרעסערן טייל פון דער אַלטער ראַפּפּישער קריטיק, איז געווען בעפּיירעש אָט דערדאָזיקער נאָכיאָגן זיך נאָך אַלגעמיינע פראַזן וועגן „דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן שעפערישן מעטאָד“, געקייפּלט ניט זעלטן אפ גרופּאָווער מאַניער פון טראַקטירן דעמדאָזיקן „דיאַלעקטיש־מאַטעריאַליסטישן שעפערישן מעטאָד“.

איך דערמאָן זיך קוריאָזע פאַלן פון דער פראַקטיק, וואָס איז פאַרבונדן מיט אָט דעם מין אַזוי־גערופענע „שעפערישע פּלאַטפאָרמעס“, אין די יידישע סעקציעס פון דער געוועזענער „וואָפּפּ“—קוריאָזן, וועלכע האָבן געבראַכט דורכרײַסן אין אונדזער ארבעט.

---

[1]) א פּאָרטראַג, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אפן ערשטן פאַרברייטערטן פּלענום פון אָרגקאָמיטעט פון פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פון ו.ס.ס.ר.

איכ האַלט, אַז אונדזערע כאַווײרימ, וועלכע געפינענ זיכ דאָ אינ זאַל, זײַנענ באַמ איצטיקנ מאָמענט ניט זײער געערגערט פונ דעמ, וואָס מיר האָבנ דערמאַנט בעשומויפנ זיכ ניט ספּראַוועט מיטנ שאַפנ אַ שעפערישע גרופּע—ריכטיקער—אַ גרופּירונג. ווײַל אינ אַזאַ מינ צירקוליאַרישע, קינסטלעכ-געשאַפענע „דיִאַלעקטיש-מאַטעריִאַליסטישע שעפערישע גרופּעס" איז קײנ שומ דיִאַלעקטישער מאַטעריִאַליזמ ניט געווענ אונ קײנ שומ שעפערישקײַט.

עס האָבנ זיכ פאַטאַליש פאַרווירקלעכט פאָלגנדיקע ענגעלסעס ווערטער:

„דער מאַטעריִאַליסטישער מעטאָד ווערט פאַרוואַנדלט אינ זײַנ קעגנזאַצ, ווענ מע באַנוצט אימ ניט אַלס אָנפירנדיקנ פאָדעמ באַמ היסטאָרישנ אויספאָרשנ, נאָר ווי אַ פאַרטיקנ שאַבלאָנ, לויט וועלכנ מע שנײַדט צו אונ מע שנײַדט איבער היסטאָרישע פאַקטנ".

(ענגעלסעס בריוו צו פּ. ערנעסט).

די קינסטלעכע צירקוליאַריש-אַבסטראַקטע גערעטעניש אַפ „שעפערישע גרופּנ" איז געווענ שטענדיק אונ אומעטומ פאַרבונדנ מיט ענלעכע „פאַרטיקע שאַבלאָנענ".

דאָס האָט אינ אַ באַדײַטנדיקער מאָס אונטערגעשטראָכנ די אָפּגעשטאַנענקײַט פונ אונדזער ליטעראַרישער קריטיק. וואָס פאַר אַ קאָנקרעטע הילפ האָט די קריטיק געקענט געבנ דעמ שרײַבער, ווענ דער ליטעראַריש-קריטישער אַרטיקל פונ אײניקע כאַווײרימ איז ניט זעלטנ דערפירט געוואָרנ צו אַלגעמײנע סכאָלאַסטישע פראַזנ פונ אַ לערנבוכ פונ דיִאַלעקטישנ מאַטעריִאַליזמ?

דעבאָרינס מענשעוויזירנדיקע סכאָלאַסטיק, וועלכע האָט צײַטווײַליק געהערשט אַפ אײניקע באַצירקנ פונ אונדזער ליטעראַרישער קריטיק, האָט נאָכמער פאַרטיפערט דידאָזיקע אָפּגעשטאַנענקײַט. די קאָנקרעטע ליטעראַרישע קריטיק, דער אַנאַליז פונ קאָנקרעטע ליטעראַרישע שאַפונגענ, איז ניט זעלטנ אַרויסגעשטויסנ געוואָרנ דורכ דער ליטעראַרישער „מעטאָדאָלאָגיע", ווו עס איז געווענ זײער ווײניק ליטעראַטור אונ לויטנ טאָכ זײער ווײניק מאַרקסיסטיש-לענינישע מעטאָדאָלאָגיע. די סאַמע שעדלעכע טראַדיציע פונעמ צווײטנ אינטערנאַציאָנאַל—דאָס אָפּרײַסנ די טעאָריע פונ דער פּראַקטיק—האָט אָנגעהײבנ דראָענ אײניקע באַצירקנ פונ אונדזער ליטעראַרישער קריטיק.

דאָ איז, אַגעוו, נײטיק דערמאָנענ, אַז דאָס פּערעווערזישע שולכל, פרײדיקנדיק אַ געמיש פונ מעכאַניציזמ אונ מענשעוויזירנדיקנ אידעאַליזמ, האָט אָפּנ קעגנגעשטעלט טאַקע איר אַזויגערופענע „רײנע", „אָביעקטיווע" ליטעראַרישע „וויסנשאַפט" דער ליטעראַטור-פּראַקטיק—דער קאָנקרעטער ליטעראַטור-קריטיק.

אָבער דערמאָנט זיכ, אַז טשערנישעווסקי נאָכ, אינ זײַנ צײַט, האָט שוינ באַשטעטיקט:

„... די פײִקײַט פונ יעדנ קריטיקער ווײַזט זיכ אַרויס מיט דער גרעסטער קלאָרקײַט טאַקע נאָר אינ זײַנע אָפּהאַנדלונגענ וועגנ באַזונדערע שרײַבער אונ וועגנ באַזונדערע שאַפונגענ פונ דער ליטעראַטור".

(טשערנישעווסקי—נײַע אופלאַגע, ז. 48).

די סכאָלאַסטישע קריטיק פונ אײניקע כאַווײרימ האָט ניט אײנמאָל איליוסטרירט דידאָזיקע טשערנישעווסקיס ריכטיקע האַנאָכע.

אונ אינ רעזולטאַט פונ דעמ האָבנ מיר געהאַט אינ דער לעצטער צײַט—צו, דער רעזאָלוציע פונ צ.ק. פונ 23-טנ אַפּרעל—די זעלבסט-איזאָלירונג פונ וואָאַפּפּ, פונ די

גרונט־שעפערישע קאדרענ פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור, וועגנ וואָס עס רעדט זיכ אינ דער באשטימונג פונ צ.ק. פונ דער פארטײ פונ 23־טנ אפרעל.

און אינ רעזולטאט פונ דעמ האָבנ מיר באקומענ וואלגאריזאטערישקײט אינ א רײ גרויסע פּאָליטישע פראגנ פונ אונדזער ליטעראטור־באוועגונג.

און אינ רעזולטאט פונ דעמ—דאָס אָפּשטײנ פונ אונדזער גאנצער קריטיק, אפילע אינ פארגלײַכ מיט דער אָפּשטײענדיקער ליטעראטור.

דערבײַ דארפ מענ געדענקענ, אז עס האנדלט זיכ וועגנ א קריטיק, וועלכע האָט, אינ גרונט דורכפירנדיק די ריכטיקע פארטײ־ליניע, ניט ווײניק מיטגעהאָלפנ דעמ וווּקס פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור! יאָ, טאקע ניט ווײניק—אָבער, זי האָט זיכ ארויסגעוויזנ פאר ניט גענוגנדיק שטארק, באזונדערס פאר די לעצטע פּאָר יאָר, קעדײ צו ליקווידירנ איר אָפּגעשטאנענקײַט.

2

אָנפירנ—ניט „אינ אלגעמײנ", נאָר ארײַנדרינגענדיק אינ דער טעכניק פונ דער זאכ, אינ דער דעטאל פונ דער זאכ—דאָס האָט זיכ אונדז ניט אײַנגעגעבנ אינ דער געהעריקער מאָס, אפילע ביזנ הײַנטיקנ טאָג.

איכ האלט, אז דאָ איז פאראנ אפילע בא די בעסטע פונ אונדזערע ליטעראטור־קריטיקער, די אלטע אינערציע פונ קאמפּ קעגנ אלערלײ בורזשואזע פאָרמאליסטישע „ספּעציפיקאטערנ" און „טעכניקער" פונ „מאכנ ליטעראַרישע זאכנ" (ווי די לעפאָוועצעס פלעגנ זאָגנ).

אײניקע פונ אונדזערע קריטיקער, וועלכע ווילנ אפילע אופריכטיק דינענ דער מארקסיסטיש־לענינישער ליטעראטור־קריטיק (איכ רײד ניט וועגנ כאלטורשטשיקעס און צופאסלער), האָבנ מוירע פאר דער „ספּעציפיק", ווי פאר א טײַוולאָנישע פארבלענדעניש פונ די פאָרמאליסטנ. דער פּרווו צו רײדנ וועגנ דער קאָמפּאָזיציע, ריטמ, עפּיטעט, זשאנר א.א.וו. ווערט באגעגנט אָפט מיט כשאד.

וואָס איז דאָ וואָס צו רײדנ? ארומ דידאָזיקע פראגנ האָט זיכ ניט ווײניק אָנגעקליבנ פאָרמאליסטישע מיסט אינ דער פאָרמ פונ פארשײדענע בורזשואז־אידעאליסטישע לערנביכער איבער פּאָעטיק,—אָבער „אז מע האָט מוירע פארנ וואָלפ—גײט מענ ניט אינ וואלד"!—זאָגט א רוסיש שפּריכוואָרט.

זעט, ווי מארקס האָט ניט מוירע געהאט, אז מע וועט אימ באשולדיקנ אינ פאָרמאליזמ און טעכניציזמ. מארקס „דרינגט ארײַנ אינ דער טעכניק פונ דער זאכ, אינ דער דעטאל פונ דער זאכ", יעדנ מאָל, ווענ עס גײט א רײד וועגנ א קאָנקרעטער ליטעראַרישער דערשײַנונג.

מארקס, פּונקט ווי ענגעלס, גיט א רײ וווּנדערבארע בײַשפּילנ פונ אנ ענלעכנ ארײַנדרינגענ אינ דער דעטאל פונ דער זאכ, אינ דער טעכניק פונ דער זאכ, אינ די „קלײניקײַטנ".

זײַנ פּאָלעמיק מיט לאסאלנ וועגנ לאסאלס טראגעדיע „פראנצ פאָנ זיקינגענ" איבעראשט מיט דערדאָזיקער דעטאלקײַט פונ דער קריטיק. איר וועט דאָ ניט געפינענ די בארימטע פראזע וועגנ „אײנהײַטלעכקײַט פונ ווידערשפּרוכנ", אָבער דערפאר האָט איר פאר זיכ א דעטאלנ אנאליז פונ לאסאלס טראגעדיע.

זעט פונ וואָס מאַרקס הייבט אָנ:

...„צוערשט דאַרפ איכ לויבנ די קאָמפּאָזיציע אונ די האַנדלונג... ...אונ איצט די צווייטע זײַט פונ דער מעדאַל: צוערשט—איז עס אַ ריינ־פאָרמעלער מאָמענט—אויב דו האָסט שוינ געשריבנ אינ פערזנ, האָסטו דאָכ געקענט באַאַרבעטנ דײַנע יאַמבנ אַביסל מער קינסטלעריש...

(מאַרקס בריוו צו לאַסאַלנ, „ליטעראַטורנאָיע נאַסלעדסטוואָ“ נומער 3).

מאַרקס הייבט אָנ פונ דער קאָמפּאָזיציע! ערי (אָ, ס'אַרא שרעק!) *רעדט וועגנ יאַמבנ*, וועלכע זײַנענ לויט זײַנ מיינונג שוואַכ באַאַרבעט בײַ לאַסאַלנ!

מאַרקס באַהאַלט ניט אויכ דאָס, אַז די פאָרמאַליסטנ־עפּיגאָנעג, „פּראָפעסיאָנעלע פּאָעטנ“, ווי ער זאָגט, האָבנ קיינ זאַכ ניט בײַ דער נעשאָמע, .כוץ „אַ גלאַטער“ פאָרם, אָבער ער באַשטייט אַפ דער נויטווענדיקײַט אַכטונג צו געבנ אַפ דער סטראָפע. אינעמ סאָפ בריוו צו לאַסאַלנ לייגט אַפילע מאַרקס פאָר זײַנע קאָנקרעטע *ענדערונגענ פונ די סטראָפעס*.

דיראָזיקע קאָנקרעטקײַט איז צו זענ פיל מאָל אינ די בריוו פונ מאַרקסנ צו פרייליגראַטנ, ווענ עס גייט די רייד וועגנ דעמ לעצטנס לידער.

פאַר מאַרקסנ, פאַרשטייט זיכ, ווערט דער אַנאַליז פונ דער טראַגעדיע „פראַנצ פאָנ זיקינגענ“ ניט אויסגעשעפּט מיט דער פראַגע וועגנ באַאַרבעטנ די יאַמבנ אונ קאָמפּאָזיציעס. מאַרקס, ווי באַוווסט, האָט אופגעהייבנ אינ דעמדאָזיקנ בריוו אַ רײַ פראַגנ פונ דער *קאָלאָסאַלסטער וויסנשאַפטלעכער אונ פּאָליטישער וויכטיקײַט*, אָבער אונדז אינטערעסירט אינעמ געגעבענעמ קאָנטעקסט די באַציִונגענ פונ מאַרקסנ צו „קלייניקײַטנ“.

ענגעלס גייט בוכשטעבלעכ נאָכ דערדאָזיקער טראַדיציע, ער האָט אויכ ניט קיינ מוירע צו רירנ וועגנ דער „פאָרמעלער זײַט“.

„אָפּשטעלנדיק זיכ צוערשט אַפ דער פאָרמעלער זײַט, וויל איכ אָפּמערקנ, אַז איכ בינ געווענ זייער אָנגענעמ איבעראַשט מיט דער פײַנער פאַרקניפּונג אונ מיט דעמ דראַמאַטישנ אַפ דורכ אונ דורכ כאַראַקטער פונ דער פּיעסע... אינ געביט פונ ווערסיפיקאַציע האָט איר, עמעס, זיכ דערלויבט געוויסע פרײַהײַטנ“.

(ליטעראַטורנאָיע נאַסלעדסטוואָ, נומער 3).

ווי איר זעט, רעדט אויכ ענגעלס וועגנ דער ווערסיפיקאַציע, וועגנ דער דראַמאַטיש־קײַט פונ דער פאַרקניפּונג א.א.וו.

אינ דער גרויסער רעצענזיע „דער דײַטשישער סאָציאַליזמ אינ לידער אונ פּראָזע“, פירט ענגעלס אַ קאַמפ קעגנ די כאַלטורישע לידער־פלעכטער, קעגנ דער ליטעראַרישער אַמעראַצעס.

מאַרקס אונ ענגעלס, כאָטש איכ איבער, האָבנ גוט געוווסט, *אַז ניט מיטנ גלאַטנ יאַמב ווערט אויסגעשעפּט די קונסט פונעמ וואָרט*. אינ די דעבאַטנ וועגנ דער פּרעסע־פרײַהײַט[1]) שטרײַכט אונטער מאַרקס עטלעכע מאָל, אַז ליטעראַטור איז ניט קיינ טעכניק, ניט קיינ „מעלאָכע“:

---

[1]) מאַרקס אונ ענגעלס, ב. I, ז. 181.

שטערנ׳ נומ. 2.

צי דען איז פריי—זאָגט מארקס—יענע פרעסע, וועלכע לאָזט זיך אראָפּ צום ניוואָ פון א „מעלאָכע“? ביפּראט נאָך, אז אונדזער ליטעראַרישע פּראקטיק גיט אונדז מוסטערן פון קלאסן-פיינטלעכע ארויסטרעטונגען אונטער דער פאלשער פאָן „פון פּראָפּאגאנדירן ליטעראַרישע טעכניק[1])“.

אָבער, סיי מארקס און סיי, ענגעלס, האלטן פאר נייטיק „אריינדרינגען אין דער טעכניק פון דער זאך.

אָט איז נאָך א בולטער ביישפּיל: דער בארימטער אָפּרוף פון לענינען וועגן מאיאקאָווסקיס לידער „Про заседавшиеся“. לענין שטרייכט אונטער די גאנצע צייט, אז אין געגעבענעם פאל אנאליזירט ער ניט מאיאקאָווסקען ווי א פּאָעט:

„איך ווייס ניט, ווי האלט עס מיט זיין פּאָעזיע—זאָגט לענין—אָבער וואָס איז שייך פּאָליטיק, גאראנטיר איך—אז עס איז אינגאנצן ריכטיק“[2]).

לאָמיר זיך, כאָווײַדים, מוידע זיין, אז זעלטן ווער פון אונדזערע קריטיקער, וואָלט אזוי באשיידן געשריבן. און מיר ווייסן דאָך, אז לענין האָט ליב געהאַט די קינסטלערישע ליטעראַטור, האָט זי גרונטלעך געקענט און האָט געגעבן אומפארגעסלעכע לויט זייער טיפקייט פון אנאליז ארטיקלען וועגן ליטעראַטור.

3

צי באטייט עס, אז די פּראָבלעם פון דער וועלט-אָנשויונג—די פירנדיקע פּראָבלעם פון אונדזער ליטעראַרישער קריטיק—ווערט אראָפּגענומען דורך דער טעכניק פון יאמבן און ווערסיפיקאציע?

צי באטייט עס, אז מיר גיבן נאָך די ניט-מארקסיסטן אין דער פראגע וועגן דער אנטשיידנדיקער ראָלע פון דער וועלט-אָנשויונג—פון איר קלאסן-אינהאלט און ניוואָ—אין דער ליטעראַטור?

צי באטייט עס, אז מיר נעמען-אראָפּ די פּראָבלעם פון דער מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק אין דער ליטעראַטור?

עס הייבט זיך ניט אָן!

די מארקסיסטיש לענינישע ליטעראַטור-קריטיק איז געוואקסן און האָט זיך פארפעסטיקט אין קאמף קעגן אלע רעאקציאָנערע טעאָריעס פון „קונסט צוליב קונסט“, קעגן אלע פּרוּוון אויסצוטרייבערן די וועלט-אָנשויונג פונעם קינסטלער, קעגן אלע אָנפאלן אף דער מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק אין דער קונסט. לאָמיר זיך דערמאָנען אונדזער קאמף קעגן טראָצקיזם, וואָראָנסקישינע, פּערעווערזעווסטשינע אין דער ליטעראַטור-קענטעניש. דאָס איז געווען א קאמף פאר דער מאטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק, פאר אקצענטירן די ראָלע פון דער וועלט-אָנשויונג—קעגן אינטויִטיוויזם, אידעאליזם, קעגן דער אזוי-

[1]) לאָמיר זיך דערמאָנען פּינאטשקינ סיראָענקאָס לעצטע קאָנטראָבאנדע-נאצדעמישע ארויסטרעטונג אונטער דערדראָזיקער פאלשער פאָן פון ליטעראַרישער טעכניק. איך האלט פאר נייטיק דאָ גלייך אונטערשטרייכן, אז ארויסטרעטנדיק דער ערשטער קעגן סיראָענקען, האָב איך אָבער אין מיין ארטיקל ניט באמערקט די דאָזיקע קאָנטראָבאנדע.

[2]) לענין, ב. 27, ז. 177.

גערופענער „נארישער פאָעזיע“. טראָצקי האָט, ווי איך איז באקאַנט, אינגאנצנ אָפּגעוואָרפנ די נויטווענדיקײַט צו שטעלנ פּראָבלעמעס פונ מארקסיזם אינ דער ליטעראטור.

אינ קאָנטעקסט פונ דער טראָצקיסטישער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער טעאָריע וועגנ דער אוממעגלעכקײַט צו שאפנ א פּראָלעטארישע ליטעראטור בא אונדז אינ לאנד, איז זײַנ גײַווע אינ באצוג צום דיאַלעקטיש־מאטעריאַליסטישנ מעטאָד גאנצ נאטירלעכ. טראָצקי האָט ניט איינמאָל אונטערגעשטראָכנ, אז די קונסט האָט א י ר ע געזעצנ, אז „די מעטאָדנ פונ מארקסיזם זײַנענ ניט די מעטאָדנ פונ קונסט“.

אָנשטאָט די מעטאָדנ פונ מארקסיזם, רוקט טראָצקי ארויס די רעאקציאָנער־בורזשואזע מעטאָדנ פונ אינטויִטיוויזם, פאָרמאליזם, אָדער פרײדס פּסיכאָ־אנאליז; סטיכיע פונ אונטער־באוווּסטזײַנ אינ רעאקציאָנער־גאלאָכישנ מאנטל — אָנשטאָט · קלאסאָווער ציל־געווענדקײַט; „נארישע פאָעזיע“ (ד. ה. בורזשואזע פאָעזיע!) — אָנשטאָט „קלוגער פאָעזיע“, וואָס איז דורכגעדרונגענ מיט דער באוווּסטזיניקײַט פונ אונדזער קלאס — אָט איז דער גרונט פונ דער טראָצקיסטישער שעפערישער פּלאטפאָרם.

וואָראָנסקי אונ די גרופּע „פּערעוואל“, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט, האָבנ איליסטרירט מיט זײער גאנצער רעאקציאָנערער, ליבעראל־בורזשואזער פּראקטיק אונ טעאָריע דידאָזיקע שעפערישע פּלאטפאָרם.

אָנשטאָט דער פּראָפּאגאנדע פונ דער סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויונג, ווי די נײטיקע פאָרהאנאָכע פאר א קאָלאָסאלנ וווּקס פונ אונדזער קונסט, האָט די פּערעוואלישע קריטיק (גאדבאָוו, לעזשניאָוו אונ אנד.) פאָרגעשלאָגנ „דערנעענטערנ דעם מארקסיזם אונ לעניניזם צו דער פּסיכאָלאָגיע פונעם קינסטלער“ — צו יענעם באוווּסטנ פּערעוואלישנ קינסטלער, וועלכער לויט די ווערטער פונעם פּערעוואלישנ קריטיקער פאקענטרעגער, „קומט ער אנטקעגנ דעם אומזינ“.

דידאָזיקע מיסטישע פּלאפּלערײַ, פארשטײט זיכ, איז ניט פרײַ פונ קלאסאָווער (בורזשואזער) וועלט־אָנשויונג: „אינ זײַנ „אומזינ“ איז פאראנ א סיסטעמ“, ווי עס ווערט געזאָגט בא שעקספּירנ. דאָכ איז פאר אונדז וויכטיק אונטערצושטרײַכנ דעמדאָזיקנ רעאקציאָנערנ „מארש קעגנ פארשטאנד“, קעגנ דער וועלט־אָנשויונג אינ דער ליטעראטור.

דער „גוואלטיק־מאטעריאַליסטישער“ מענשעוויק פּערעווערזעוו, האָט, ווי באוווּסט, אויכ געקעמפט פאר דער „נארישער פאָעזיע“. לאָמיר זיכ כאָטש דערמאָנענ זײַנ טראקטירונג פונ גאָגאָלס שאפונג, אלס זאָרגלאָזער שפּיל פונ געשטאלטנ“, אלס א נארישע שאפונג.

„... ווענ גאָגאָל וואָלט באזיצנ מער אינטעליגענצ, — זאָגט פּראָפעסער פּערעווערזעוו, — וואָלט ער צו ווײַט אוועק פונ דעם פּריצישנ אונ אמטלעכנ האמוינ, אונ וואָלט אנטפּלעקט ניט מער קראפט אינ שילדערנ אימ, וויפל אפילע דער סיטאנ פּושקינ האָט אנטפּלעקט, בײס ער האָט זיכ געווענדעט צו דערדאָזיקער סוויווע.

צום גליק פונ דער רוסישער ליטעראטור איז עס ניט געשענ“.

די אָרעמקײַט פונ אינטעלעקט — ווי א גליק פונ דער ליטעראטור — דאָס איז בעמעס א קאָלאָסאלע גוזמע פונ רעאקציאָנערנ אינטויִטיוויזם!

די מארקסיסטיש־לענינישע קריטיק האָט אופגעדעקט דעם רעאקציאָנערנ כאראקטער פונ דעמדאָזיקנ „מארש קעגנ פארשטאנד“ אינ דער ליטעראטור. אינ קאמפּ קעגנ „פּערעוואל“

און פּערעוורזעוושטשינע האָט זיכ פאַרשאַרפט די פּראָבלעמ פונ וועלט־אָנשויונג און אידיייִשקייט אינ דער שאפונג, עס האָט זיכ פאַרשאַרפט די פּראָבלעמ: פונ קלאַסאָווער ציל־איינשטעלונג באמ קינסטלער, וועלכער איז, פאַרשטייט זיכ, לאַכלוטנ ניט קיינ בלינדע שפּילצייג „פונ דער סטיכיע פונ געשטאַלטנ", אָדער סטיכיע פונ באַוווסטזיינ.

מיר האָבנ אבסאָליוט געהאַט רעכט דאַנ, ווענ אינ קעגנזאַצ צו די רעאַקציאָנערע טעאָריעס פונ דער „נאַרישער פּאָעזיע", האָבנ מיר ארויסגערוקט די נויטווענדיקייט צו לערנענ זיכ בא מאַרקסנ, לענינענ און סטאַלינ, די נויטווענדיקייט ארויסצורוקנ אינדערשפּיצ די ראָלע פונ דער קלאַסאָווער וועלט־אָנשויונג, זיינ אינהאַלט און ניוואָ.

דאָ זיינענ מיר אינגאַנצנ געשטאַנענ אפ די פּאָזיציעס פונ מאַרקסיזמ און לענינימ.

אָט, ווי ענגעלס שטעלט די פּראָבלעמ פונ טאַלאַנט און וועלט־אָנשויונג אינ זיינ רעצענזיע, „דער דייטשישער סאָציאַליזמ אינ לידער און פּראָזע".

„דערווירקלעכער פּאָציאַליזמ אינ זיינ אומבאַשטימטקייט גיט ניט קיינ מעגלעכקייט פאַרבינדנ באַזונדערע פאַקטנ, ווענג וועלכע מע דאַרפ דערציילנ, מיט די אַלגעמיינע באַדינגונגענ, וואָס וואָלט געהאָלפנ אַנטפּלעקנ אינ דיזאָזיקע פאַקטנ דאָס איבעראַשנדיקע און וויכטיקע אינ זיי..."

... און זיי אַלע פעלט אינ דער פּראָזע דער טאַלאַנט פונ א דערציילער. דאָס איז פאַרבונדנ מיט דער אומבאַשטימטקייט פונ זייער גאַנצער וועלט־אָנשויונג".

(באַנד 5, זייט 126).

אפ אזא אויפנ, דערקלערט ענגעלס קאַטעגאָריש, אז דער מאַנגל פונ דערציילערישנ טאַלאַנט הענגט אָפּ פונ דער „אומבאַשטימטקייט" פונ דער וועלט־אָנשויונג, הענגט אָפּ פונ דער ניט פייִקייט צו פאַרבינדנ באַזונדערע פאַקטנ, „ווענג וועלכע מע דאַרפ דערציילנ, מיט אַלגעמיינע באַדינגונגענ".

ענגעלס האָט זיכ מיט דעמ ניט באַגרענעצט. ער שטרייכט אונטער, אז דער אופבליִ פונ פּאָעטישנ טאַלאַנט הענגט אָפּ אינ א גרויסער מאָס פונעמ פּאָליטישנ ניוואָ אינ לאַנד. פאַרקערט, די אָרעמקייט פונ פּאָליטישנ לעבנ טאָרמאָזירט דעמ אופבליִ פונ דער פּאָעזיע. אָט וואָס עס שרייבט ענגעלס:

„די כראָנישע אָרעמקייט, וואָס רינגלט אימ ארומ (דעמ פּאָעט) פונ אַלע זייטנ, ווירקט אפ אימ זייער אָפּשוואַכנדיק, ניט געבנדיק אימ די מעגלעכקייט זיכ אופצוהייבנ איבער איר, פילנ זיכ פריי פונ איר און אויסלאַכנ זי, אָנ דער געפאַר אַלייִנשטענדיק אריינצופאַלנ אינ איר,

אַלע דייטשישע פּאָעטנ, וועלכע האָבנ א וועלכנ ניט איז טאַלאַנט, קענ מענ דערוויילֿ אייצענענ נאָר איינס—אריבערקלייבנ זיכ אינ די ציוויליזירטע לענדער".

(מאַרקס און ענגעלס באַנד 5. ז. 132).

די אָרעמקייט פונ דייטשלאַנדס פּאָליטישנ לעבנ אינ סאָפ פונ 18־טנ און אָנהייב פונ 19־טנ יאָרהונדערט האָט לויט ענגעלסנ אפילע באַזיגט געטעס טאַלאַנט.

(מאַרקס און ענגעלס, ב. 5, ז. 142).

די זאַכ נעמט אָנ גאָר אַנ אַנדער ווענדונג, ווענ דאָס פּאָליטישע לעבנ ווערט פֿאַרשאַרפֿט. ענגעלס שרײַבט:

„ביזוואַנענ די געזעלשאַפֿטלעכע ווידערשפּרוכנ וועלנ ניט אָנעמענ אינ דײַטשלאַנד אַ מער שאַרפֿערע פֿאָרמ, אַדאַנק דעמ, וואָס עס וועלנ זיכ דײַטלעכ אויסטיילנ קלאַסנ אונ די בורזשואַזיע וועט שנעל באַהערשנ די פּאָליטישע מאַכט, האָט ניט אינ דײַטשלאַנד גופֿע דער דײַטשישער פּאָעט אַסאַכ וואָס צו דערוואַרטנ.

(ב. 5. ז. 132).

דער איבערבּרוכ אינ פּאָליטישנ לעבנ, אינ קעגנזאַצ צו דער מענשעוויסטישער קאָנצעפּציע פֿונ פּערעוועריזעוו, ברענגט צו אַנ איבערבּרוכ אינ געביט פֿונ ליטעראַטור.

ענגעלס שטרײַכט אונטער, אַז ביז דעמדאָזיקנ פּאָליטישנ איבערבּרוכ אונ פֿאַרשאַרפֿונג „האָט ניט דער דײַטשישער פּאָעט אַסאַכ וואָס צו דערוואַרטנ". דעמדאָזיקנ שטאַנדפּונקט וויקלט פֿאַנאַנדער לענינ אינ זײַנע אַרטיקלענ וועגנ טאָלסטויענ מיט אַ וווּנדערבּאַרער טיפֿקײַט. לענינ שרײַבט:

„דער שאַרפֿער בּרוכ פֿונ אַלע אַלטע יעסוידעס פֿונ דער דאָרפֿישער רוסלאַנד האָט פֿאַרשאַרפֿט זײַנ אויפֿמערקזאַמקײַט, האָט פֿאַרטיפֿערט זײַנ אינטערעס צו דעמ, וואָס קומט פֿאָר אַרומ אימ, האָט געבּראַכט צו אַנ איבערבּרוכ פֿונ זײַנ גאַנצער וועלט־אָנשויונג".

(לענינ—טאָלסטוי אונ די הײַנטצײַטיקע אַרבּעטער־באַוועגונג).

אַפֿ אַזאַ אופֿנ האָט „דער שאַרפֿער בּרוכ פֿונ אַלע אַלטע יעסוידעס" פֿאַרשאַרפֿט די אויפֿמערקזאַמקײַט" פֿונעמ קינסטלער, האָט אימ אויסגעלערנט טיפֿער אונ ווײַטער זענ. דאָס האָט געבּראַכט, לויט לענינס ווערטער, - צו אַנ איבערבּרוכ אינ טאָלסטויס וועלט־אָנשויונג. טאָלסטוי איז געוואָרנ אַ „שפּיגל פֿונ דער רוסישער רעוואָליוציע", אָפּשפּיגלענדיק די קראַפֿט אונ די שוואַכקײַט פֿונ דעמ פּאַטריאַרכאַלנ נאַיִווּנ פּויער צווישנ די יאָרנ 1861 אונ 1905.

טאָלסטויס קראַפֿט, ווי אַ קינסטלער אונ דעריקער איז טאַקע באַשטאַנענ אינ דעמ, וואָס ער האָט אויסגעדריקט דעמ „פּראָטעסט פֿונ מיליאָנענ פּויערימ". זײַנ שוואַכקײַט איז באַשטאַנענ אינ דעמ, וואָס ער האָט אײַנצײַטיק אויסגעדריקט זייער פֿאַרצווייפֿלונג, זייער נאַיִוויטעט, זייער „אָפּגעפֿרעמדקײַט פֿונ פּאָליטיק, זייער מיסטיציזמ".

אינעמ שײַנ פֿונ דעמ, וואָס איז אויבנ געזאָגט געוואָרנ, איז קלאָר, אַז די רעאַקציאָנערע וועלט־אָנשויונג, דאָס ניט קענענ טיפֿ. אונ ווײַט זענ, דאָס ניט קענענ אויפֿדעקנ די געזעצמעסיקײַט פֿונ די דערשײַנונגענ, טאָרמאָזירט דעמ אויפֿבּלי פֿונעמ טאַלאַנט.

אינ דעמ זינ, אונ נאָר אינ דעמ זינ, איז געווענ גערעכט טשערנישעווסקי, וועלכער האָט געשריבּנ:

„די פֿעלערהאַפֿטע ריכטונג פֿאַטערט דעמ שטאַרקסטנ טאַלאַנט. פֿאַלשע לויטנ גרונט־געדאַנק שאַפֿונגענ זײַנענ שוואַכ אַפֿילע אינ ריינ קינסטלערישנ זינ".

(ציט. לויט פּלעכאַנאָוונ, ב. 24, ז. 42).

אַבּער ווי זאָל מענ פֿאַרשטיינ דידאָזיקע „פֿאַלשע ריכטונג", דידאָזיקע „פֿאַלשע אידייע?

ווענ מע זאָל זי פארשטיינ אויסער־היסטאָריש, אבסטראקט, וועלנ מיר זיך זיי־כער אראָפקייקלענ צום אידעאליזם. ווענ מע זאָל זיך א קער טאָנ צו טאָלסטויס ביישפיל, „וואָלט אזא אויסער־היסטאָרישער פארשטיינ טאָלסטויענ אונ זיינ אידייע באטייטנ „אָפשאצנ טאָלסטויענ נאָר פונ שטאנדפונקט פונ דער היינטצייטיקער רבעטער־באוועגונג אונ פונעם היינצייטיקנ סאָציאליזם", פונ וואָס לעניג האָט אונדז געוואָרנט אינעם ארטיקל „ליעוו טאָלסטוי ווי א שפיגל פונ דער רוסישער רעוואָליוציע".

דאָס וואָלט באטייט, ווי עס האָט ריכטיק אָפגעמערקט דער כ' קירפאָטינ, אָנווענדנ צו אלע קונסט־שאפונגענ „אנ ארשינ פונ דיאמאט" אונ אומבעראכמאָנעסדיק, אינגאנצנ ליק־ווידירנ אלץ, וואָס עס פאלט ניט צונויפ מיט אים. אומגעפער אזוי, האט אויך פלעכאנאָוו געשטעלט, אינ א רייע ערטער, די פראָבלעם פונ דער פאלשער אידייע—אויסער היס־טאָריש, אבסטראקט, אידעאליסטיש.

אָבער די זאך איז ניט נאָר אינ דער אויסער־היסטאָרישער טראקטירונג פונ דער אידייע אינ קונסט־ווערק. מע דארפ געדענקענ, אויסערדעם, אז די קלאסיקער פונ מארקסיזם האָבנ קיינמאָל ניט דערלאָזנ א מעכאניסטישע פארבינדונג צווישנ פילאָסאָפישע אָנשויונגענ, פאָליטישע איבערצייגונגענ אונ דעם טאלאנט פונעם קינסטלער. באם לייזנ דידאָזיקע פראגע איז דער מעכאניציזם אונ די וווּלגארע דאָגמע זייער געפערלעכ. דאָ איז נייטיק א טיפער קאָנקרעטער אנאליז. אָט וואָס מארקס שרייבט אינ זיינ בריוו צו ענגעלסנ:

„די בעהיימע רוגע האָט באוויזנ בא פרוטצנ, אז שעקספיר איז ניט געווענ קיינ דראמאטישער פאָעט" דערפאר, ווייל „ער האָט ניט געהאט קיינ פילאָסאָפישע סיס־טעמ". שילער ווידער, ווי א קאנטיאנער איז אנ עמעסער „דראמאטישער פאָעט".
(מארקס אונ ענגעלס, ב. 22 ז. 368).

מארקס, ווי איר זעט, כויזעקט אָפ פונ דער „בעהיימע רוגע", וואָס שטעלט שילערנ, אלס דראמאטורג, העכער פונ שעקספירנ נאָר דערפאר, וואָס שעקספיר האָט ניט פאנאנ־דערגעוויקלט זיינ פילאָסאָפישע סיסטעמ ווי דאָס האָט געטאָנ שילער. לויט מארקס געדאנק ווערט ניט דער קינסטלערישער טאלאנט אָפגעשאצט מעכאניסטיש לויט דעמ, צי דער קינסטלער קענ פילאָסאָפיש אנטוויקלענ זיינע געדאנקענ. אפנ זעלבנ אופנ וועלנ מיר צו־געבנ פונ זיך, איז דאָס קענענ שרייבנ פילאָסאָפיש־גרונטלעכע „שעפערישע פלאטפאָרמעס", ניט קיינ סימענ פונ קינסטלערישנ טאלאנט. כאָטש, אונ דאָס דארפ מענ אונטערשטרייכנ, די פילאָספישע ראכוועס פונ געדאנקענגאנג, די פילאָסאָפישע בילדונג איז אומבאדינגט א פליוס פארנ קינסטלער.

כאוויירימ, איכ וואג ניט צו טראכטנ, אז דידאָזיקע קאָמפליצירטע פראגעס ווערנ שוינ אויסגעשעפט מיט דידאָזיקע באמערקונגענ—דאָ איז וויכטיק אונטערצושטרייכנ, אז די אלטע אָנפירנדיקע נאפאָסטאָווישע קריטיק האָט מערסטנטייל וווּלגאריזאטעריש געשטעלט דידאָזיקע פראגעס.

לאָמיר נעמענ, צ. ב. די ריכטיקע האנאָכע פונ די נאפאָסטאָווצעס וועגנ דעמ פרימאט (איבערהאנט) פונ וועלט־אָנשויונג אינ דער קונסט. מיר האָבנ אויבנ געבראכט די ארויס־זאָגונגענ פונ די קלאסיקער פונ מארקסיזם איבער דידאָזיקע פראגעס. איצט וועלנ מיר זענ, וויאזוי די פראָבלעמ פונ צווישנ־באציונגענ צווישנ דער וועלט־אָנשויונג אונ קינסטלעריש־

מעטאָד איז בא אונדז פארקריפלט געוואָרנ, איז פארקריפלט געוואָרנ אינ דער נאפּאָסטאָווישער קריטיק. אינעמ בריוו פונ סעקרעטאריאט פונ „ראפּפּ“ איז אָנגעשריבנ:

„דער קינסטלערישער מעטאָד פונעמ שרײַבער קענ ניט זײַנ אָפּגעריסנ פונ אידעאָלאָגיע פונ זײַנ—דעמ שרײַבערס—וועלט־אָנשויונג, אינגאנצנ גענומענ...“

דאָס, כאָוויירימ, איז ריכטיק, אָבער מיר לייענענ ווײַטער:

„... נאָכמער, דער קינסטלערישער מעטאָד ווערט אינגאנצנ אונטערגעוואָרפנ זײַנ (דעמ שרײַבערס—י. ב.) אידעאָלאָגישער אײַנשטעלונג“.

אז „דער קינסטלערישער מעטאָד וואַרפט זיכ אינגאנצנ אונטער זײַנ (דעמ שרײַבערס—י. ב.) אידעאָלאָגישער אײַנשטעלונג“—איז ניט ריכטיק. דאָס באטײַט—איגנאָרירנ די ספּעציפיק פונעמ קעגנשטאנד, זײַנע „דעטאלנ“—אפ דעמ האָט גאנצ ריכטיק אָנגעוויזנ דער כ׳ קירפּאָטינ.

ניט אלצ אינ קינסטלערישנ מעטאָד ווערט אונטערגעוואָרפנ דער אידעאָלאָגישער אײַנשטעלונג. „דער פּאטאָס פונ דער נויטווענדיקײַט“ אינ דערדאָזיקער פראגע דערמאָנט די אָרגאנישע טעאָריע פונ פּערעווערזעווס שול, וועלכע האָט אויכ דעמ קינסטלערישנ מעטאָד פּוילקומ אונ אינגאנצנ ארויסגעפירט, ווי אנ אומפארמײַדלעכנ רעזולטאט פונ דער געשטאלטנ־סיסטעמ.[1]

טשערנישעווסקי נאָכ האָט געהאלטנ פאר נייטיק אָפּהיטנ פונ אזעלכע פּרווונ צו דערקלערנ אלצ מיט דער מעכאניסטישער נויטווענדיקײַט.

טשערנישעווסקי האָט געשריבנ:

„אינ אלגעמיינ ריידנדיק, פארגייט שוינ דער קריטיקער צו ווײַט, ווענ ער וויל מאמעש וועגנ יעדער קלייניקײַט דערווײַזנ, אז עס איז אומבאדינגט נייטיק אפ דעמזעלבנ אָרט, ווו עס איז אוועקגעשטעלט בא גאָגאָלנ.

... די נויטווענדיקײַט טוט זיכ אָנ אינ דער קונסט אינ דער פאָרמ פונ צופעליקײַט“ (טשערנישעווסקי, ז. 132).

אָט, טאקע מיטנ דאָזיקנ אוועקשטעלנ די פּראָבלעמ פונ צופעליקײַט, האָט זיכ אונדזער קריטיק ביז איצט ניט פארנומענ. מע האָט געפּרוווט מעכאניסטיש אלצ ארויספירנ, ווי אנ אומפארמײַדלעכנ רעזולטאט פונ דער וועלט־אָנשויונג. פריִער פאר אלצ מוזנ מיר דעריבער פאנאנדערארבעטנ די פּראָבלעמ פונ צופעליקײַט. אינעמ בריוו צו קוגעלמאנענ שרײַבט מארקס:

„פונ דער צווייטער זײַט, וואָלט די געשיכטע געהאט זייער א מיסטישנ כאראקטער, אויב די „צופעליקײַטנ“ וואָלטנ ניט געשפּילט קיינ שומ ראָלע“.

דאָס האָט נאָכ א מער נעענטערע שײַכעס צו דער געשיכטע פונ קונסט.

---

[1]) Беспалов. Проблемы литературной науки, стр. 159.

אינעם בריוו צו שטארקענבערגן אנאליזירט עס ענגעלס. ער שרײַבט:

„וואָס ווײַטער עס ווענט זיך דערווײַטערן פון דער עקאָנאָמיק יענער געביט, וועלכן מיר פאָרשן אויס, וואָס מער ער דערנעענטערט זיך צו א ריין־אבסטראקט־אידעאָלאָגישן געביט, אלץ מער וועלן מיר אײַנגעפינען, אז ער אנטפלעקט אין זײַן אנטוויקלונג מער צופעליקײַטן“...

אז די ראָלע פון דערדאָזיקער צופעליקײַט איז ניט קיין קליינע, אז דידאָזיקע פּראָבלעם דארף מען דערלערנען, און ניט איגנאָרירן, דערווײַזט כאָטש פאָלגנדיקעס:
אינעם ארטיקל „ווי איך האָב געארבעט איבער דער „וואָך“, שרײַבט ליבעדינסקי:

„... נאָר ווען כ'האָב אָנגעהייבן שרײַבן ווײַטער, האָט זיך בא מיר אָנגעמערקט א געוויסער סטיליסטישער איבערברוך. אויב איר וועט נעמען דעם קאפיטל פון אופשטאנד און זײַן ליקווידאציע, איבערהויפּט די לעצטע קאפיטלען, וועט איר דערזען, אז דידאָזיקע קאפיטלען זײַנען אביסל אין אן אנדער טאָן, ווי די פריִער־דיקע. זיי צייכענען זיך אויס מיט א קנאפּערער דערהייבנקײַט פון סטיל, מיט פיל מער פרײַקײַט אין דעם זין, אז עס פילט זיך שוין ניט אזוי די ריטמישע פּראָזע... עס דערשײַנט דער פערסאָנאזש און עס ווערט באשריבן זײַן אויסערלעכקײַט, עס ווערט איבערגעגעבן א דירעקטע און אינדיווידואליזירטע שפּראך“. (גענעראלע אופּ־גאבעס פון דער פּראָלעט. ליטעראטור, 1931 י., ז. 140).

מיט וואָס־זשע קען מען דערקלערן דעמדאָזיקן איבערברוך, וועגן וועלכן עס רעדט כ' ליבעדינסקי—איינער פון די אקטיוויסטע טוער פונעם געוועזענעם „ראפּפּ“?

און דאָ רעדט זיך דאָך אפילע וועגן אן איבערברוך פון איין קאפיטל צום צווייטן—צי דען איז אויך דאָ נייטיק אלץ אונטערוואַרפן „פולקום און אינגאנצן דער וועלט־אָנשויונג“?

מע דארף אָנערקענען, אז דער כ' פאדייעוו האָט נאָך אין זײַן ארטיקל „אראָפּ מיט שילערן“ („נא ליטעראטורנאָם פּאָסטו“, נאָיאבער 1929 י.) אונטערגעשטראָכן די נויטווענ־דיקײַט פון אָפּגרענעצן די וועלט־אָנשויונג פון דעם קינסטלערישן מעטאָד.
פאדייעוו האָט געשריבן:

„דער אומשטאנד, וואָס דער אָדער יענער קינסטלער באנוצט זיך אין זײַן שאפונג מיט אידעאליסטישע אָדער מאטעריִאליסטישע מעטאָדן, באטײַט נאָך ניט, אז ער איז לויט זײַנע איבערצײַגונגען אנטשפּרעכנדיק—אן אידעאליסט אָדער א מאטעריִאליסט...

מע דארף זיך אָפּ דעם ניט וווּנדערן, אויב מיר וועלן זיך דערמאָנען, אז אויך אין וויסנשאפטלעכן געביט, צום בײַשפּיל אין געביט פון נאטור־קענטעניש קען מען געפינען ניט ווייניק ענלעכע בײַשפּילן“.

פאדייעוו האָט דאָ אינזינען מינאסטאם יענע בורזשואזע נאטורפאָרשער, וועלכע, לויט די ווערטער פון פלעכאנאָוון, גייען זיי לײַכט אריבער פון דער מאטעריִאליסטישער לאבאָ־ראטאָריע—אין קלויסטער.

דידאָזיקע אייגנארטיקע ניטגלײַכמעסיקע אנטוויקלונג פונ פאַרשיידענע פאָרמענ פונ באוווסטזײַנ (קינסטלערישנ, וויסנשאפטלעכנ, רעליגיִעזנ א.א.וו.) דארפ אומבאדינגט דורכ אונדז אויסגעפאָרשט ווערנ.

וועגנ וואָס זאָגנ איידעס דידאָזיקע בײַשפּילנ?

זיי זאָגנ איידעס וועגנ יענער געפאר פונ מעכאניסטישער וולגאריזאטערישקײַט, וועגנ דאָס פארגעסנ אָנ דער ספעציפיק פונעמ געביט אונ דאָס ניט קענענ „ארײַנדרינגענ אינ דעטאלנ‟, וואָס דראָענ ביז איצט אונדזער קריטיק.

דערמאָנט זיכ כ״כ דעמ ארטיקל פונ כ' סטעצקי, וועלכער זדעקעוועט זיכ איבער דער „דיִאלעקטיק פונ כאפנ פיש‟. אָט טאקע אזא „דיִאלעקטיק‟ האָט אונדז אָנגעהייבנ דראָענ.

אונדז האָט אָנגעהייבנ דראָענ די דיִאלעקטישע פראזע פונ די ליטעראַרישע פישכאפער, וועלכע האָבנ ליב צו כאפנ פיש אינ מוטנעמ וואסער פונ גרופּאָוושטשינע.

אונדז האָט אָנגעהייבנ דראָענ דער דילעטאנטיזמ פונ מענטשנ, וועלכע האָבנ געפרווט דערפירנ א ליטעראַריש־קריטישע ארבעט—א קאָמפּליצירטע, פאראנטוואָרטלעכע ארבעט—צו פּאָליטישע פראזנ, צו פראזנ פונ לערנביכער פונ דיִאמאט, אזוי, אז דער שרײַבער האָט ניט זעלטנ, אָנשטאָט קאָנקרעטער הילפ, באקומענ א פעקל פראזנ.

דער „ארשינ פונ דיִאמאט‟ אינ זײַנ פארגליווערטער פאָרמ (פאקטיש איז עס דער הייפעכ צומ לעבעדיקנ מעטאָד פונ דער מאטעריִאליסטישער דיִאלעקטיק!) האָט זיכ פאר־וואנדלט ניט זעלטנ בא אייניקע כ״כ אינ א פלאָקנ, מיט וועלכנ מע האָט געקלאפּט איבער די אפּיקאָרסישע קעפּ פונ יענע „מיטלויפער‟, וועלכע קלײַבנ זיכ ניט פאנאנדער אינעמ ראפּפישנ „דיִאלעקטיש־מאטעריִאליסטישנ שעפערישנ מעטאָד‟.

קעדיי צו מאכנ א סאָפ צו דעמדאָזיקנ פּאָליטיש־שעדלעכנ „שפּילנ זיכ אינ דיִאלעקטיק‟, האָט מענ געדארפט געבנ אנ אנדער לאָזונג—א לאָזונג, וועלכער וואָלט גענומענ אינ אכט די ספעציפיק פונ דער ליטעראטור, א לאָזונג, וועלכער וואָלט געקענט פירנ נאָכ זיכ די גרונטמאסע סאָוועטישע שרײַבער, וועלכע שטייענ אפ דער פּלאטפאָרמע פונ דער סאָוועטנמאכט אונ שטרעבנ אָנטייל צו נעמענ אינ דער סאָציאליסטישער בויונג—פירנ זיי פאָרויס צו דער סאָציִאליסטישער קונסט.

(פאָרזעצונג קומט)

י. ליובאָמירסקי

# די מאָסקווער-אָקטיאַבער-ספּעקטאַקלען

די אָקטיאַבער־ספּעקטאַקלען זײַנען זייער א אינטערעסאַנטע דערשײַנונג. מיר האָבן דאָ א געוויסן סאַכאַקל פון אונדזערע דערגרייכונגען אפן טעאַטראַלן פראָנט. אָבער נאָך אינטערעסאַנטער איז די ברייטע דיסקוסיע וועגן טעאַטער־פּראָגעס, וואָס האָט זיך. פאַנאַנדערגעפלאַקערט אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט די ספּעקטאַקלען.

איבערהויפּט איז באַהאַנדלט געוואָרן אונדזער דראַמאַטורגיע.

א גרויסן שטויס דערצו האָט אויך געגעבן מ. גאָרקיס פּיעסע „יעגאָר בוליטשאָוו און אַנדערע", וואָס דער „וואַכטאַנגאָוו־טעאַטער" האָט צוריק מיט עטלעכע כאָדאָשים אופגעפירט בא זיך אפ דער בינע. האָט מען גענומען פאַרגלײַכן גאָרקיס דראַמאַטורגישע מײַסטערשאַפט, מיט דער מײַסטערשאַפט פונעם יונגן דאָר סאָוועטישע דראַמאַטורגן, האָט מען נאָך בוילעטער דערזען, אַז אונדזער סאָוועטישע דראַמאַטורגיע האָט זייער אַסאַך בלויזן און פעלערן. און עס איז אַרויסגעשווומען א היפּשער צעטל טײַנעס. די טײַנעס האָבן אַרויסגעשטעלט ניט נאָר געשוואָרענע טעאַטער־קריטיקער אָדער ליטעראַטור־קריטיקער. רעזשיסערן, אַקטיאָרן, צושויער קומען צום דראַמאַטורג יעדער איינער מיט זײַן טײַנע.

מע באַקלאָגט זיך, אַז די מאָדערנע פּיעסעס צייכענען זיך אויס מיט זייער צעקראָכענער קאָמפּאָזיציע, מיט פאַרפלאַכטער געשטאַלטן־שילדערונג און מיט א טראַפּאַרעטער פאַרבלאָזער שפּראַך.

פּרוּווט איבערשטעלן עפּיזאָדן פון איין אַקט אין צווייטן אין אַסאַך פון אונדזערע בעסטע הײַנטיקע פּיעסע, פּרוּווט אפילע אַרויסוואַרפן אייניקע עפּיזאָדן—וועט עס דער צושויער—מעג עס זײַן אפילע א קוואַליפיצירטער—דערפילן?

פּרוּווט די ווערטער פון איין פּערסאָנאַזש איבערגעגעבן א צווייטן פּערסאָנאַזש—איז רעכט אזוי אויך. אַסימען, אַז דער געבוי פון דאָסראָוו אונדזערע פּיעסעס איז ניט קיין אָרגאַנישער, נאָר א מעכאַנישער.

„א גוטע פּיעסע איז ניט מעגלעך,— זאָגט לעאָנידאָוו (אַקטיאָר פון מאָסקווער ערשטן קינסטלערישן טעאַטער)—אָן אַן אָנגעשטרענגטער אינערלעכער האַנדלונג, אָן א פעסטפאַרבונדענעם אינטריגע־קנופּ!—אדעראַבע, דערלאַנגט אונדז אזא פּיעסע!"

און אַזעלכע פּיעסעס האָבן מיר ביז גאָר ווייניק.

די בעסטע פּיעסע פונעם לויפנדיקן סעזאָן—נ. פּאָגאָדינס „מײַן פרײַנט"—האָט בא דער קריטיק אַרויסגערופן אָן א שיר לויב־געזאַנגען. זי פאַרמאָגט אָבער קימאַט ניט קיין אינטריגע. אייגנטלעך איז דאָ יאָ פאַראַן א שטיקל אינטריגע, אָבער זי איז ביז גאָר א שוואַכע. ווײַל ניט דאָס איז דער איקער אין דער פּיעסע, וואָס דעם הויפּט-העלד פון דער

פּיעסע, דעמ קאָמאנדיר פונ דער בויונג, גיַי, שטעלט מענ אונטער א פיסל. דער הויפּטציל פונ דער פּיעסע איז דעמאָנסטרירנ דעמ העלד פונ אונדזער ציַיט—א קאָמאנדיר פונ א גרויסער בויונג, אזעלכער איז גיַי, באלויכטנ די גרויסע מעניִעס, וואָס ער באגעגנט אפ זיַינ וועג און די גרויסע היסלאַוועס און איבערגעגעבנקיַיט פונ אָט דעמ גיַיענ.

פאָגאָדינ באמיט זיכ באלויכטנ זיַינ העלד גיַי אלזיַיסיק. ער גיט ניט נאָר גיַיס קלאסאָווע שטריכנ ווי א קעמפער פאר דער סאָציאַליסטישער בויונג, נאָר אויכ אייניקע פערזענלעכע אינדיווידועלע שטריכנ זיַינע, אזעלכע, וואָס טיילנ אויס אָט דעמ גיַיענ צווישנ אזעלכע, ווי ער.

מע קאָנ באשטריַיטנ פאָגאָדינענ, פארוואָס ער האָט גראָד די און ניט אנדערע אינדיווידועלע שטריכנ אונטערגעכאפּט און אונדז אונטערגעטראָגנ. אָבער פאָרט האָבנ מיר דאָ אנ ערנסטנ פּרווו זיכ אָפּזאָגנ פונ פארפלאכטער און סכעמאטיזירטער צייכענונג און אריבערגיינ צו א טיפערנ באנעמענ מענטשנ און ביכלאל לעבנ־דערשיַינונגענ.

ווי איכ האָב שוינ פריִער געזאָגט, האָט די קריטיק אָט די ניַיע פּיעסע אופגענומענ מיט ענטוזיִאזמ, ווי אנ אומבאשטריַיטבארנ זיג פונ דער ניַיער סאָוועטישער דראמאטורגיע. אָבער גראָד אינ אָט דעמ פאל גייט די אָפּשאצונג פונ דער קריטיק ניט שטענדיק זיכ צונויפּ מיט די מיינונגענ פונ אסאכ פּראָלעטארישע צושויער.

מיר האָבנ אזא אינטערעסאנטנ פאקט: אינ מאָסקווע איז סאָפ 1932 י. פאָרגעקומענ אנ אלפארבאנדישער קאָנקורס פונ וועבער, האָט מענ זיי געוויזנ די פאָרשטעלונג—„מיַינ פריַינט״ (ספּעקטאקל פונ „רעוואָליוציע־טעאטער״). אינ דעמזעלבנ אָוונט האָט מענ באאָבאכטעט די צושויער.

וואָס זשע האָט זיכ ארויסגעוויזנ?

וואָס וויַיטער די פאָרשטעלונג האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט, אלץ שוואכער איז געווענ די אופמערקזאמקיַיט פונעמ פּראָלעטארישנ צושויער.

די פּראָפעסיאָנעלע קריטיק האָט פיל מאָל געשריבנ וועגנ פאָגאָדינענ, אז ער האָט אינ טעאטער מיט זיכ געבראכט די פּרינציפּנ פונ דער סקיצנ־ליטעראטור (אָטשערק), אָבער די קריטיקער האָבנ ניט איַינגעזענ, אז אינ פאָגאָדינס פּיעסע—„מיַינ פריַינט״ הערשנ די סקיצנ־פּרינציפּנ איבערנ דראמאטורגישנ מאטעריִאל. „מיַינ פריַינט״ ווערט צוליב דעמ מער א אינסצענירטע סקיצע. איר האָט דאָ ניט קיינ אָנגעשטרענגטקיַיט, קיינ שפּאנונג, קיינ שטיַיגנדיקע דראמאטורגישע ליניע. דער אויספיר איז: באמ צושויער ווערט וואָס וויַיטער אָפּגעשוואכט דער אינטערעס צו דער פּיעסע.

פארשטייט זיכ, אז אפנ סמאכ פונעמ נאָרוואָס דערציילטנ פאקט, וואָלט געווענ ליַיכטזיניק ניט צו דערשאצנ אזעלכע אינטערעסאנטע דראמאטורגישע דערשיַינונגענ (און אינ דערזעלבער ציַיט—אינטערעסאנטע ספּעקטאקלענ), ווי פאָגאָדינס „מיַינ פריַינט״ און וו. קאטיַיעווס—„ציַיט־פאָרויס״ (די לעצטע פּיעסע איז אויכ א קינד פונ דער סקיצנ־ליטעראטור, זי שפּיגלט אָפּ די סאָצ. פארמעסטונג אפנ מאגניטבוי).

די זאכ באשטייט דערינ, וואָס מיר האָבנ דאָ צו טאָנ מיט ניַיע דראמאטורגישע זשאנרענ. זיי האלטנ ערשט אינ אויסשיילנ זיכ.

וו. קאטיַיעווס—„ציַיט פאָרויס״ איז א סאָציִאלע קאָמעדיע. אינ דערזעלבער ציַיט איז עס א פּרווו אופריַיסנ די קאנאָניזירטע פאָרמ פונ א קאָמעדיע. דערזעלבער וו. קאטיַיעוו, וואָס האָט אינ זיַינ פאָריקער קאָמעדיע—„א קוואדראטור פונ א קריַיז״ אָרטאָדאָקסאליש אופגענומענ די געזעצנ פונ דער פראנצויזישער סיטואציעס־קאָמעדיע, האָט דאָ לאכלוטנ

זיך אָפּגעזאָגט פון דער טראדיציאָנעלער פאָרם. קיין שום אינטריגע, קימאט א כראָניקאלע פארצייכענונג וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין מעשעך פון א טאָג אפּ דעם אָדער יענעם באגרענעצטן בויונג־שטעכ פון מאגניטבוי. עס זעט אויס, ווי א שרײַבער איז געשטאנען און רעגיסטרירט דאָס לויפנדיקע קאָכיקע לעבן אפּ דער בויונג. אָבער ווי קונציק אויסגענוצט האָט קאטײַעוו דעם כראָניקאלן מאטעריאַל, ווי קלוג ער האָט אריינגעפלאָכטן די סאמע טשיקאווע עפּיזאָדן, ווי בוילעט ער דערלאנגט אונדז דעם צוזאמענשטויס פון 2 בריגאדעס בעטאָן־פארגרייטער—כאנומאָווס בריגאדע און אישטשענקאָ מיט זײַן בריגאדע. ווי אלזײַטיק און אָריגינעל ער באלויכט די אויסטערלישע פיגור פונעם אינזשענער מארגוליס, דעם פארוואלטער פון איינעם פון די בוי־צירקלען.

די ראָלע פון דער טראדיציאָנעלער אינטריגע שפּילט דאָ דער ענטוזיאַזם פון סאָצגעוועט, וואָס קומט דאָ פאָר צווישן דיביידע בריגאדעס. דעם עמעסן טאָכ פון אָט דעם פארמעסט דערשפּירט איר אין איינעם פון די שענסטע און די ליכטיקסטע מאָמענטן, וואָס אָט די פאָרשטעלונג פארמאָגט: אין סאמע ברען פון דער פארמעסטונג, ווען ביידע בריגאדירן שטייען, ווי צוויי העגער איינער קעגן צווייטן, טוט כאנומאָוו א זאָג צו זײַן „קעגנער" אישטשענקאָ: „עט, כאפּט דיך דער וואטנמאכער, איך וועל דיר אויסזאָגן א סאָד, וואָס מיר האָבן אנטדעקט, וויאזוי עפעקטיווער מאכן די ארבעט פון אונדזער בריגאדע—נא, טרינק אונדזער בלוט. אָבער... זאָלסט זיך גאָרניט אײַנריידן, אז איך מיט מײַן בריגאדע וועלן אײַך לאָזן פארײַסן די נעזער, מירן נאָך זען—ווער וועמען!"

אָט דער עפּיזאָד ווארפט א שפּאָגל־נײַע שײַן אפּ דער אנטשטייונג פון נײַע זשאנרען אין אונדזער דראמאטורגיע.

אינדערעמעסן, מיר האָבן פאר די לעצטע עטלעכע יאָר געהאט א היפּשע ביסל טשיקאווע „טעאָריעס"; די טרעגער פון אָט די טעאָריעס האָט באהויפּטעט, אז אין די באדינגונגען פון אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט מוזן אָפּשטארבן אזעלכע זשאנרען, ווי סאַטירע, ווי קאָמעדיע.—„די סאטירע, די קאָמעדיע", האָבן זיי געטענהט — פלעג דאָך אײַבערהויפּט זײַן געווענדעט קעגן די הערשנדיקע קלאסן, קעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג, קעגן אירע אינסטיטוציעס, קעגן אירע פירער, פאָרשטייער, קעגן זייער שטייגער, קעגן דער קירכע. בא דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט איז אזא זאך, נאטירלעכן, אויסגעשלאָסן. אלזאָ, קאָן ניט די סאטירע, ניט די קאָמעדיע קיין קיום ניט האָבן און זיי מוזן צוביסלעך אָפּשטארבן"...

די ווירקלעכקײַט אונדזערע האָט דערוויזן, אז אזעלכע פריש־געבאקענע טעאָריעס האָבן אונטער זיך קיין באָדן ניט. ריכטיקער וואָלט געווען זאָגן אזוי: סאטירע און קאָמעדיע אין זייער טראדיציאָנעלער פאָרם וועלן זיך ענדערן, ווײַל „א זשאנר איז ניט קיין אייביקע קאטעגאָריע. געבוירן אין באשטימטע סאָציאַלע באדינגונגען, קאָן ער זיך ניט אריבערפעקלען מעכאניש פון איין עפּאָכע אין דער צווייטער. ער שטארבט אָפּ צוביסלעך, ער צעפאלט זיך. ער לאָזט איבער ביירושע בלויז איינציקע עלעמענטן, וואָס גייען ארײַן ווי קאָמפּאָנענטן אין די נײַ־געבוירענע זשאנרען".

קורץ גערעדט, דער זשאנר טראנספאָרמירט זיך.

אזעלכע באגריפן, ווי „אינטריגע", „קאמף" באקומען דאָ שוין גאָר אן אנדער זין: ווײַל דער קאמף צווישן ביידע בריגאדעס אין „צײַט—פאָרויס" איז אינגאנצן אן אנדערער, ווי דער אנטאגאָניזם צווישן „אמכאָ" און די אָנגעבלאָזענע גווירים אין „200.000"

(שטעלונג פונ מאָסקווער מעלוכישנ ייִדישנ טעאטער) אָדער צווישנ טשאצקי אונ פאמוסאָוו. דאָרט אינ דער אלטער קאָמעדיע זײַנענ די קעמפנדיקע ווירקלעכ בלוטיקע סאָנים איינער דעמ צווייטנ—קלאסנקאמפ! אונ דאָ איז דער קאמפ „א זאכ פונ דרום, פונ העלדנטאט".

א צווייטער בײַשפּיל—טאקע פונ דערזעלבער קאָמעדיע — ווי דער זשאנר טראנספאָרמירט זיכ.

דער אינזשענער מארגוליס, איינע פונ די וויכטיקסטע טרײַבקרעפטנ אפ דער בויונג אינ „צײַט־פאָרויס", ווערט דאָ הומאָריסטיש באלויכטנ. צײַטנווײַז איז עס ווירקלעכ א קאָמישע פערזאָנ. אונ אינ דערזעלבער צײַט איז עס א פּאָזיטיווער העלד. אנ עמעסער העלד—באזונדערס אינ דעמ מאָמענט, ווענ ער גיט אנ אָנצוהערעניש בײדע קעמפנדיקע בריגאדעס, אז סאָצגעוועט איז ניט קיינ „פראנצויזישער גערנגל", ניט קיינ ספּאָרט. ווײַל די בריגאדעס האָבנ זיכ צעיאָגט, צופיל זיכ ארײַנגעלאָזט אינ אזארט אונ האָבנ בעשאס־מײַסע פארגעסנ אָנ צוויי וויכטיקע זאכנ: אז מע דארפ שאנעווענ די קויכעס פונ די ארבעטנדיקע אונ אז די קוואנטיטעט טאָר בעשומויפנ ניט פארשטופּנ אפנ הינטערגרונט די קוואליטעט. דאָ גייט שוינ אוועק אפנ צווייטנ פלאנ דער קאמפ צווישנ בײדע בריגאדעס, אונ עס גייט שוינ א קאמפ צווישנ די בריגאדעס אונ צווישנ דעמ אינזשענער מארגוליס. דאָ פארגעסט איר שוינ, אז מארגוליס איז א קאָמישער מענטש. אָט ווי עס ווערט אָפּגעטראָטנ פונעמ וויכטיקסטנ קאָמעדיע־פּרינציפּ: די פּערסאָנאזשנ פונ דער אלטער קאָמעדיע זײַנענ, איבערהויפּט, נישטיקע, באנאלע, שפּדלעכע, מיט איינ וואָרט, נעגאטיווע טיפּנ. אונ אינ „צײַט־פאָרויס"—פארקערט—דאָסראָוו טיפּנ—פּאָזיטיווע. אָט האָט איר אײַכ א נײַע זײַט פונ דעמ הײַנטיקנ, סאָוועטישנ קאָמעדיע־זשאנר.

„אינ הײַנטיקע פּיעסנ, וואָס די הײַנצײַטיקע שרײַבער האָבנ אָנגעשריבנ, ווו מיר האָבנ צו טאָנ מיט נאָענטע, הײַנטצײַטיקע טעמעס, טרעט בולעט ארויס צום אלעם ערשטנ דאָס לעבעדיקע געוועב, וואָס האָט ארויסגערופנ דעמ געבורט פונ דער פּיעסע. אונ וואָס שארפער עס איז דאָס אויג פונ דראמאטורג, אונ וואָס טיפער אונ קלאָרער ער זעט די דערשײַנונג וועגנ וועלכער ער שרײַבט, אונ וואָס אנטשיידענער ער ווארפט אונטער די פאָרמ פונ דער פּיעסע דער אידייע אירער, אלצ שווערער ווערט אונדז צו דערגיינ, באנעמענ די סטרוקטורישע גאנצקײַט פונ זײַנ ווערק אונ באשטימענ די. פאָרמעלע סימאָנימ פונ אָט דעמ ווערק, אלצ שווערער ווערט פארעכענענ אזא ווערק אפנ כעזשבנ פונ דעמ אָדער יענער זשאנר" (ב. אלפערס—„זשאנרענ־אומבײַט", „סאָוועטסקאָיע איסקוסטוואָ", נומ. 6, 1933 י.).

אָט די זוכענישנ פונעמ נײַעמ זשאנר, אָט די נײַע אומבאקאנטע מאניערנ בעשאס אויספורעמענ דעמ הײַנטיקנ מאטעריאל—ברענגענ דערצו, אז דער צושויער בלײַבט אָפּהענטיק. די נײַע ניט באקאנטע פאָרמ האָט נאָכ ניט געקראָגנ די מאקסימאלע אופּווירקונג־קראפט.

פונקט ווי דעמ מאסנ־לייענער ווײַזנ זיכ אויס די ווערק פונ דעמ אמעריקאנער שרײַבער דאָס־פּאסאָס גאנצ ניט פארשטענדלעכ. דאָס איז, פארשטייט זיכ, ניט מער ווי אנ אנאלאָגיע, ווײַל צווישנ דאָס־פּאסאָסעס שעפערישער מאניער אונ דעמ שעפערישנ מעטאָד פונ וו. קאטײַעוו אונ פאָגאָדינ איז—פּאָלג מיכ א גאנג! אונדזער דראמאטורגיע שפּאנט פאָרויס, זי גייט, אָנ סאָפעק, בארג ארופ אונ זי וועט גויווער זײַנ, זי וועט אויסלעבנ די קאָמפּאָזיציאָנעלע צעפלאָסנקײַט, וואָס צעברעקלט די אופמערקזאמקײַט פונ צושויער.

כוצ דער זשאנרענ־פּראָבלעמ, האָבנ מיר נאָכ א רײ אזעלכע אייגנשאפטנ, וואָס רופנ ארויס פּרעטענזיעס צו אונדזער דראמאטורגיע.

אינ אסאכ מאָדערנע סאָוועטישע, דראמאטישע ווערק באמערקנ מיר א טענדענצ אינ איינ פיעסע ארומכאפנ עטלעכע פראָבלעמעס מיטאמאָל, ווי איינער א שרײַבער האָט זיכ אויסגעדריקט: „דער אווטער וויל מיט איינ קלאפּ שטעלנ די נאציאָנאלע פראגע, א שמועס טאָנ וועגנ דערפאָלגרײַכנ מארש פונעמ פינפיאָר־פלאנ, געבנ דעמ קאמפ פאר דער פרויענ־באפרײַונג אונ סטימולירנ דעמ צושויער זיכ פארטראכטנ איבערנ גורל פונ דער קאפיטאליסטישער אייראָפּע". דאָס איז קימאט ניט קיינ גוזמע. אָט, לעמאָשל, אינ דער פיעסע פונ פּ. אונ ל. טור—„הימל אונ ערד" (שטעלונג פונ מאָסקווער צווייטנ קינסטלערישנ טעאטער) האָט איר א בינטל וויכטיקע פראָבלעמעס: 1) שעדיקערײַ; 2) די פראָבלעמ וועגנ איבערבויענ די וועלט־אָנשויונג פונ דער אינטעליגענצ; 3) די פראגע וועגנ דערנעענטערנ די אינטעליגענצ צו דער ארבעטערשאפט; 4) די פראגע וועגנ וויסנשאפטלעכנ אונ ביכלאל קולטורעלנ וווּקס פונ די ארבעטער. אויב איר וועט א גראָב טאָנ, וועט איר געפינענ נאָכ.

דערפונ נעמט זיכ די אומצופרידנקײַט, וואָס אזא פיעסע רופט ארויס. קיינ איינ פראָבלעמ ווערט דאָ ניט טיפ באנומענ.

בלויז איינע פונ די אָקטיאבער־שטעלונגענ—„די מאטראָסנ פונ קאטאראָ" (אווטער—הענריכ וואָלפ; געשטעלט אינ מאָסקווער „וו.צ.ס.פּ.ס.־טעאטער"—געוועזענער „פראָלעטקולט־טעאטער") האָט געהאט צו טאָנ מיט איינ פראָבלעמ: די טאקטיק פונ דער אָנפירונג בעשאס א רעוואָליוציאָנערנ אופשטאנד. בעהאדראָגעדיק, קאָנסעקווענט ווערט פאנאנדערגעוויקלט אָט דער געדאנק. איז טאקע די אידייע פונ דער פיעסע קלאָר אונ דײַטלעכ פאר די סאמע ברייטע שיכטנ צושויער.

נאָר אויב מע האָט טײַנעס צו די נײַע פיעסנ פאר זייער קאָמפּאָזיציאָנעלער צעשרויפטקײַט, צעשוומענקײַט, פאר זייער זשאנראָווער אומבאשטימטקײַט, פאר זייער אויבערפלעכלעכנ באנעמענ וויכטיקע פראָבלעמעס, ווייסנ מיר אָבער, אז אונדזער דראמאטורגיע וואקסט אונ זי וועט אפּ געוויס דעקנ די כויוועס אירע.

גאנצ אנדערש איז די לאגע בענעגייע אינסצענירונגענ. מיר אלע ווייסנ, אז אונדזער דראמאטורגיע איז דער סאמע אָפּגעשטאנענער סעקטער פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור. מיר ווייסנ אויכ, אז אונדזער דראמאטורגיע פּרעטענדירט אפ העגעמאָניע אינ טעאטער. פונ דער צווייטער זײַט פאָדערט דעָר טעאטער פונ דער דראמאטורגיע, אז זי זאָל אופהערנ שפּײַזנ דעמ טעאטער מיט רוישטאָפּ, מיט טרוקענע סכעמעס. איז דעריבער נאטירלעכ, וואָס מע וויל ארײַנציִענ וואָס מער מײַסטערהאפטע ליטעראַרישע ווערק אינ דראמאטורגישנ קעסל. ניט זעלטנ ווערנ דעריבער גרויסע שרײַבער צוגעצויגנ צו דער אינסצענירונגארבעט—אינ א דראמאטישער פאָרמ איבערדיכטנ זייער ראָמאנ, זייער דערציילונג, זייער נאָוועלע. אויב דער אָדער יענער ליטעראט ווײַזט ארויס קנאפּ כיישעק איבערניצעווענ זײַנ ווערק, נעמענ זיכ אָפּט צו אָט דער ארבעט געשיקטע דראמענ־מאכער—זיי אינסצענירנ דאָס ווערק אונ דערלאנגענ עס דעמ אָדער יענעמ טעאטער. די לעצטע יאָרנ פּרוכפּערנ זיכ אזעלכע אינסצענירונגענ אלצ מער אונ מער.

מע באנוגנט זיכ ניט מיט אינסצענירונגענ פונ די נײַסטע בעסטע ליטעראַרישע ווערק, ווי פאדייעוס—„צעקלאפּט" („ראזגראָמ"), ווי סטאווסקיס „ראזביעג" א.א. מע האָט זיכ מיט גרויס אפּעטיט א נעמ געטאָנ צו די קלאסיקער. אָט האָט מענ אינ מאָסקווער ערשטנ קינסטלערישנ טעאטער דאָ ניט לאנג אינסצענירט גאָגאָלס „מיאָרטוויִע דושי". אינ מאָסקווער „קראסנאָפּרעסנער־טעאטער" איז שוינ פארטיק גאָרקיס אינסצענירטע „מוטער". מע קלײַבט

זיך אינסצעניר‍ן און אופירן אפ דער בינע באַלזאקן, סטענדאַלן, פלאָבערן, אנאטאָל פראנס, ראָמען ראָלאן.

ווערט אזוי־ארום די פראגע וועגן אינסצענירונגען פארוואנדלט אין אן ערנסטער פּראָבלעם. ביפראט, אז די אינסצענירונגען, וואָס מיר האָבן געהאט פאר די לעצטע עטלעכע יאָר, באפרידיקן אונדז ניט.

עס איז א סוואָרע, אז דאָסראָוו אינסצענירונגען האָבן ניט נאָר ניט באַרײַכערט געוויסע מײַסטערווערק מיט א־נײַער קוואליטעט, ניט נאָר ניט דערהייבן זיי צו א העכערער שטופע, נאָר פארקערט—צעפּאטערט זיי. אזעלכע בײַשפּילן גיט אונדז גענוג אפילע די פּראקטיק פונעם לויפעדיקן טעאטער־סעזאָן.

די אינסצענירונג פון גאָגאָלס „מיאָרטוויִע דושי" אין מאָסקווער ערשטן קינסטלערישן טעאטער (איצט—„גאָרקי־טעאטער") איז א בעפּיירעשער דורכפאַל. דעם אומגעהויער בריי‍טן לײַוונט, ווו גאָגאָל שילדערט דאָס לײַב־אייגנטימערישע רוסלאנד, דעם וויסטן געמייזעכץ פון גוטבאזיצער און טשינאָווניקעס, האָט מען צעקארדאטשעט און שטיקלעכווײַז דערלאנגט אין דער אינסצענירונג. דעם אויבנאָן האָט אין דער פּיעסע פארנומען דער אוואנטיורישער, דער אנעקדאָטישער רוקנביין פון דער פּאָעמע,—ווי טשיטשיקאָוו קויפט אוף „טויטע נעפּאשעס" בא די גוטבאזיצער. בעשאס אָט די מײַסע איז געווען ניט מער ווי א געלעגנהײַט, א מיטל צו געבן א ברייטן בילד פונעם דעמלטדיקן רוסלאנד. מיר האָבן אין דער אינסצענירונג אפ דער בינע געזען די געשטאלטן פון מאנילאָוו, סאָבאקעוויטש, קאָראָבאָטשקא, פּליושקין, נאָזדריאָוו. אָבער עס האָט זיך באקומען ניט דאָס, וואָס מיר האָבן דערוואַרט. מיר האָבן דאָ ניט געשפּירט די צעפאלונג פון דער גוטבאזיצערישער סוויוע, די באציִונגען צווישן פּאָרעץ און זײַן פארשקלאפטן פויער, און אזוי־ארום פאלט ארויס די צענטראלע אידייע פונעם ווערק און זי ווערט קליין און ניט וויכטיק. דעריבער איז אין דער אינסצענירונג אָפּגעשטאָרבן דער גוואלדיקער פּאטאָס, די בארימטע קראפט פון גאָגאָלס סאטירישן געלעכטער. גאָגאָלס היפּערבאָלע, גאָגאָלס גראָטעסק איז דאָ פארווישט געוואָרן. מיר האָבן געקראָגן בלויז טעאטראליזירטע זשאנראָווע בילדלעך פון גאָגאָלן.

צווישן די אָקטיאבער־שטעלונגען האָבן מיר נאָך אן אינטערעסאנטן בײַשפּיל, וויִאזוי א באדײַטנדיקע קינסטלערישע ווערק ווערט צעקאליעטשעט אין פּראָצעס פון אינסצענירונג, אפילע דאן, ווען דער אווטער גופע נעמט א טיכטיקן אָנטייל אינעם פּראָצעס פון אינסצענירן. אָט האָט פאדייעוו אָפּגעטאָן א שטיקל ארבעט פארן מאָסקווער „מאלי טעאטער": צוזאמען מיטן רעזשיסער פון דעמדאָזיקן טעאטער, נאראָקאָוו, האָט ער אינסצענירט זײַן „ראזגראָם". ווי באוווּסט, האָט פאדייעוו זײַן „ראזגראָם" אָנגעשריבן אונטער דער האשפּאָע פון ל. טאָלסטויס שעפערישער מאניער. א גרויסן אָרט פארנעמט אין דעמדאָזיקן ווערק דער זעלבסט־אנאליז פון די העלדן—ויי אנאליזירן זיך זעלבסט, זייערע מײַסים. אינעם ראָמאן האָט פאדייעוו געקאָנט אָפּגעבן דעם געדאנקענגאנג פון אזעלכע צענטראלע העלדן, ווי לעווינסאָן (דער פירער פונעם סיבירער פארטיזאנישן אָטריאד) און מעטשיק (אויך א פארטיזאנער) גענוג פּלאץ, ווי ווײַט די קאָמפּאָזיציע פונעם ראָמאן האָט עס דערלויבט. ווען אָבער „ראזגראָם" האָט מען געמוזט—צוליב די געזעצן פון דראמאטורגיע, ווו דעריקער איז מער די האנדלונג, ווי דאָס ריידן וועגן איר, קירצן און ארומשנײַדן, האָבן געמוזט ארויספאלן אייניקע פּסיכאָלאָגישע מאָטיווירונגען. עס פעלן, צום בײַשפּיל, אייניקע ערטער, ווו לעווינסאָן טראכט, ווו ער איז זיך מעיאשעוו וועגן מעטשיקן, וועגן זיך. און

גראד די ערשטער העלפנ באנעמענ דעמ סאציאל־קלאסאווג אונ פסיכאלאגישנ מעהוס פונ לעווינסאנ אונ מעטשיק. ווי געזאגט, שטאמענ אט די פעלערנ פונעמ וויכטיקנ אונטערשייד צווישנביידע ווערק. דער ראמאנ האט זיכ זײַנע קאמפאזיציאנעלע אייגנשאפטנ—דערציילערישע, באשרײַבערישע; די אינסצענירונג האט אבער געמוזט גיינ לויט גאר אנ אנדער ליניע. נאטירלעכ, האט דעמ צושויער, וואס האט אופמערקזאמ געלייענט פאדייעווס ראמאנ, די אינסצענירונג, וואס איז געוויזנ געווארנ אפ די בינע־ברעטלעכ סײַ פונ מאסקווער „מאלי טעאטער“, סײַ פונ מאסקווער „לענסאוועט־טעאטער“, ניט צופרידנגעשטעלט. אט די אומצופרידנקײַט, וואס אייניקע פונ די לעצטע אינסצענירונגענ האבנ ארויסגערופנ, גיט דערווײַל א מעגלעכקײַט אייניקע געציילטע קריטיקער אופהייבנ א ליארעמ קעגנ אינסצענירונגענ ביכלאל.

„אינסצענירנ א קינסטלעריש ווערק איז א פארפירערישע ארבעט, דאס איז ריינע שעדיקערײַ“—שרײַענ זיי.

„די איבערארבעטונג פונ א קינסטלעריש ווערק—שרײַבט ד. טאלניקאוו אינ זײַנ ארטיקל—„די פאשעכאנישע עסטעטיק“ (זע „ליטעראטורנאיא גאזעטא“ נומ. 7, 1933 י.)—דאס איז א קאטעגאריע, וואס איז, לויטנ עצעמ פונ אירע עסטעטישע פרינציפנ, פרעמד, ווײַט פונ דער קונסט, דעריבער איז זי צייליאז אונ מוז פירנ צו א דורכפאל“.

אונ ניט אינ דעמ באשטייט די זאכ, וואס כאווער בולגאקאוו (דער דראמאטורג, וואס האט אינסצענירט גאגאלס „מיארטוויִע דושי“ פארנ מאסקווער ערשטנ קינסטלערישנ טעאטער) קאנ בעשומויפנ ניט פארבײַטנ גאגאלנ. אפילע א צווייטער מעכטיקער טאלאנט, וועלכנ מע קאנ שטעלנ אפ איינ ברעט מיט גאגאלנ, לאמיר זאגנ—ל. טאלסטוי וואלט אויכ איבערגעאנדערשט אונ אוועקגעטויט גאגאלנ, ווענ ער וואלט זיכ גענומענ אימ „איבערארבעטנ“, ווײַל א קונסט־ווערק, וואס האט זיכ אויסגעגאסנ אינ א געוויסער, אייגנארטיקער פארמ, כאוזערט זיכ ניט איבער אונ מע קאנ עס ניט צעגלידערנ. יעדער געשטאלט איז דא אייגנארטיק אונ טראגט אפ זיכ דעמ שטעמפל בלויז פונ איינער א באשטימטער שעפערישער אינדיווידואליטעט. מע קענ אזא ווערק מאכנ בעסער אדער ערגער, אבער נאכמאכנ וועט זיכ דא ניט אײַנגעבנ. יעדע נאכמאכונג וועט—בא דער שײַנ פונ יעדער—זאל זײַנ—עכט־קינסטלערישער ראמפע—אנטפלעקנ איר פאלשקײַט. נאכמער: גאגאל אליינ וואלט זיכער ניט געקענט איבערארבעטנ פאר דער בינע זײַנע „מיארטוויִע דושי“.

איכ האב בעקיונ געבראכט אט די לאנגע ציטאטע, קעדיי דעמאנסטרירנ. ווי ווײַט מע קאנ פארלויפנ אונטערנ אײַנדרוק פונ אייניקע ניט געלונגענע אינסצענירונגענ, אבער דאס איז שוינ אנ עקסטרעמיטעט, א לינקער קנייטש.

די פראקטיק האט אונדז באוויזנ, אז ניט אלע אינסצענירונגענ זײַנענ א פראפאנאציע פונ א קונסט־ווערק. אסאכ אינסצענירונגענ סײַ אינ טעאטער, סײַ אינ קינא האבנ אנ סאפעק באנײַט דאס אינסצענירטע קונסט־ווערק, אפגעפרישט אונ אפטמאל צוגעגעבנ א העכערע קוואליטעט. וסעוואלאד איוואנאווס „פאנצערצוג“ (אינ מאסקווער 1־טנ קינסטלערישנ טעאטער), פורמאנאווס „מיאטעזש“ אונ „טשאפײַעוו“ (אינ מאסקווער „מ.א.ס.פ.ס.־טעאטער“), יורי אלעשאס „געפילנ־פארשווערונג“ (אינ „וואכטאנגאוו־טעאטער“), גארקיס „מוטער“ אינ קינא אונ נאכ אזעלכע בײַשפילנ—זײַנענ די שטארקסטע ארגומענטנ קעגנ אזא ניהיליסטישער באציִונג צו אינסצענירונגענ, ווי די, וואס מיר האבנ נאר וואס ציטירט. זעלבסטפארשטענדלעכ, אז אינסצענירנ א קונסט־ווערק איז זייער אונ זייער אנ איידעלע ארבעט. מע קענ דא האבנ דערגרייכונגענ נאר מיטנ באדינג, אז מע זאל צוגיינ צו דער

זאַך מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיקייט, ניט מיט אַ שערל, ווי פּאַרטאַטשעס און כאַלטור־שטשיקעס גייען צו, בעשאַס זיי נעמען זיך אינסצענירן. דאָס בעסטע איז, ווען אַליין דער אויטער פונעם ווערק זעצט זיך אַוועק איבעראַנייס שרײַבן אַ דראַמאַטיש ווערק אויפן גרונט פון אייניקע סיוזשעטישע עלעמענטן פונעם פריִערדיקן ווערק, אויפן גרונט פון אייניקע וויכטיקע געשטאַלטן און פיגורן, וואָס זײַנען דאָרט געשילדערט. אָפט פירט ער אַרײַן אין אַזעלכע פאַלן נײַע פיגורן, גיט צו נײַע שטריכן, נײַע דיאַלאָגן, נײַע סיטואַציעס, נײַע עפּיזאָדן. אַזוי־אַרום באַקומען זיך קאָנטאַקטירנדיקע פונקטן, קרייץ־ליניעס אין ביידע ווערק, אָבער יעדע פון זיי איז זיך אַ ווערק פאַר זיך.

אַ גלענצנדיקן בײַשפּיל שטעלט מיט זיך פאָר אין דער הינזיכט סטאַווסקיס „ראַזביעג" אין דער אינסצענירונג און טעאַטראַלישער פאַרקערפּערונג פון מאָסקווער קראַסנאָפּרעסנער טעאַטער (געוועזענער רעאַליסטישער טעאַטער). דאָ ווערט אויפן שאַרפסטן אויפן אונטער־געשטראָכן די הויפּט־אידייע פונעם ווערק—דער קלאַסנקאַמף אין דאָרף. די עמאָציאָנעלע אויפווירקונג פון דערדאָזיקער פאָרשטעלונג איז אומגעהויער אויסגעוואַקסן און שטײַגט געוויס אריבער די עמאָציאָנעלע אויפווירקונג פון דער דערציילונג גופא.

(סאָף קומט)

ל. צ.

# א בוכ וועגנ רויטארמייִשנ לעבנ

נ. זאבארע—„ראדיאַ־ראַמאַנ“ (ערשטער בוכ, מעלוכע־פארלאג פאר די נאציאַנאלע מינדערהײַטנ אינ או.ס.ס.ר. כארקאָוו—קיִעוו, 1932 יאָר).

נ. זאבארע איז א נײַער נאָמענ אינ אונדזער ליטעראטור. „ראדיאַ־ראַמאַנ“ איז זײַנ ערשטע גרעסערע ווערק. אונ מע דארפ גלײַכ זאָגנ, אז דערדאָזיקער בוכ שטעלט מיט זיכ פאָר א גוטנ אָנהייב. „ראדיאַ־ראַמאַנ“ איז א ווערק, וואָס זאָגט באשטימטע איידעס וועגנ אנ ערנסטנ אונ באגאבטנ שרײַבער, וועלכער האָט פאנאנדערגעארבעט א ריי פראָבלעמעס אפנ שטאָפ פונ דער רויטער ארמיי (א געביט, אגעוו, א גאנצ פארנאכלעסיקטער אינ אונדזער ליטעראטור).

דאָס סאמע ווערטפולע פונעם „ראדיאַ־ראַמאַנ“ איז באשטימט דאָס, וואָס דער מאטעריאַל, וועלכער איז אינ אימ געבראכט, איז דעמ אווטער גוט באקאנט אונ דעריבער איז דערדאָזיקער בוכ אזוי ניט ענלעכ אפ אסאכ ווערק וועגנ דער רויטער ארמיי, אינ וועלכע דאָס לעבנ פונ אונדזער רויטער קאזארמע ווערט געשילדערט אפנ סמאכ פונ „עקסקורסיע־אײַנדרוקנ“. דער אווטער פונעם ראָמאנ האָט אונדז געגעבנ א ווערק, וואָס איז געקומענ אלס רעזולטאט אונ באזירט זיכ אפ פאקטנ פונ אייגענער דערפארונג. דער אווטער האָט דאָ דערבײַ אויכ אויסגעמיטנ א צווייטע געפאר, וואָס איז אָפט צו באמערקנ בא אסאכ פונ אונדזערע יונגטלעכע שרײַבער—די געפאר פונ באשרײַבנ „אלצ, וואָס עס קומט אונטערנ האנט“. „ראדיאַ־ראַמאַנ“ איז געבויט לויט א קלאָרנ אונ דורכגעטראכטנ פלאַנ: ווײַזנ די רויטע ארמיי אלס שול, וואָס פורעמט אויס דעמ כאראקטער פונ אונדזער ארבעטער־פויערישער יוגנט. די רויטע ארמיי איז אָבער א טייל פונ אונדזער גאנצער סאָוועטישער ווירקלעכקײַט, איז מיט טויזנטער פעדימ פארבונדנ מיטנ גאנצנ ארומ, דעריבער איז נאטירלעכ, וואָס דער אווטער האָט פארטראכט געבנ די ארמיי אלס שול, וואָס פאָרמירט אויס אונדזער יוגנט, אלס סאָציאַלער אָרגאניזמ, וואָס איז ניט איזאָלירט פונ די אלע פראָצעסנ, וואָס קומענ פאָר בא אונדז אינ לאנד, נאָר ענג פארבינדנ זיי, ווײַזנ, וויִאזוי דאָס לעבנ פונ קאזארמע איז א פאָרזעצונג פונ אויסער־קאזארמע־לעבנ, וויִאזוי איינע די אנדערע דערגאנצנ. אונ דאָס האָט געפירט דעמ אווטער צו געבנ ניט סתאמ בילדער פונ דער קאזארמע, ניט סתאמ באשרײַבנ די אָדער יענע פאקטנ, די אָדער יענע געשטאלטנ, נאָר אײַנלייגנ די אלע פאקטנ אונ געשטאלטנ אינ א באשטימטער פאבולע, וועלכע דארפ זיי עס אלע צעמענטירנ. מע דארפ אָבער גלײַכ אונטערשטרײַכנ, אז דער לעצטער מאָמענט האָט זיכ דעמ אווטער דערווײַל ניט אײַנגעגעבנ: באקימענדיק א ריי בלוטפולע בילדער וועגנ באזונדערע פאקטנ פונ קאזארמע־לעבנ, א ריי אינטערעסאנטע פארצייכענונגענ וועגנ רויטארמייער, קאָמאנדירנ א.א., האָבנ מיר אָבער נאָכ ניט באקומענ קיינ אויסגעקריסטאליזירטע טעמאטישע ליניע, וואָס זאָל פארענטפערנ די פראָבלעמעס, וועלכע דער אווטער שטעלט זיכ.

דער שווערפונקט פונעם בוכ איז, אלזאָ, אינ דעמ רײַכנ פאקטישנ מאטעריאַל וועגנ דער רויטער ארמיי. אָבער אָנצייכענענ אָט דעמ מאטעריאַל איז שוינ גאָרניט אזוי גרינג, ווי מע שטעלט זיכ פאָר.

די רויטע ארמיי איז א קאָמפליצירטער אָרגאניזמ, וואָס האָט פאר זיכ א ציל צו ד ע ר צ י ע נ באוווסטזיניקע, לעניניש־באוווסטזיניקע קעמפער פאר די דערגרייכונגענ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, זי „שטעלט מיט זיכ פאָר א שול, א זאמלפונקט פונ ארבעטער אונ פויערימ, אונ די קראפט אונ ווירקונג פונ דער פארטיי האָבנ פונ דעמדאָזיקנ שטאנדפונקט א קאָלאָסאלע באדײַטונג, אינ דעמ זינ איז די ארמיי דער גרעסטער אפאראט, וואָס פארייניקט די פארטיי מיט די ארבעטער אונ אָרעמ־פויערטומ. די ארמיי—דאָס איז דער איינציקער אלרוסלענדישער, אלפעדעראטיווער זאמלפונקט, ווו מענטשנ פונ פארשיידענע גובערניעס אונ קאנטנ, קומענדיק זיכ צונויפ, לערנענ אונ געווינענ זיכ צו צומ פאָליטישנ לעבנ“ (סטאלינ).

דעמדראָזיקנ טעזיס וועגנ דער רויטער אַרמיי אַלס פּאָליטישע שול האָט מענ געדראַפט איבערפירנ אפ דער שפּראַכ פונ קינסטלערישע בילדער און ווײַזנ, ווי אַזוי דאָס קומט פאָר אפנ בײַשפּיל פונ קאָנקרעטע מענטשנ. אַזאַ איז געווענ די אויפגאַבע פונעם אויטער פונ „ראַדיאָ־דראָמאַנ" און מיט דערדראָזיקער אויפגאַבע האָט ער זיכ מערזוויניקער ספּראַוועט: מיר האָבנ באַקומענ אַ רײַ בילדער ניט נאָר וועגנ דעמ, ווי די רויטאַרמייער באַהערשנ די מיליטערישע טעכניק, נאָר ווי אַזוי זיי וואַקסנ אַלס פּאָליטיש־באַוווסטזיניקע קעמפער. דער קאַמפ פאַר באַהערשנ די טעכניק איז אינ גאַנצנ בוכ באַזונדערס אונטערשטראַכנ און אַקצענטירט.

דער אויטער האָט געגעבנ ניט קיינ איינהײַטלעכע מאַסע, נאָר פונ די ערשטע זײַטלעכ אָנ גלײַכ דיפערענצירט ער זי און ווײַזט דעמ באַוווסטזיניקנ קאָמיוגיסט און דעמ לײַדיקגייער־אָראָפּרײַסער, וואָס שטערט די גאַנצע אַרבעט, וועלכער דערשרעקט זיכ פאַר די ערשטע שוועריקײַטנ און בעט זיכ אַריבערפירנ אימ אינ „לײַכטערע טיילנ".

אָט דידאָזיקע אַלע שיכטנ האָט דער אויטער אויפגעכאַפּט און געוויזנ באַזונדערע פאָרשטייער פונ זיי דורכ דינע שטריכנ, דעטאַלנ, וואָס צייכענענ אָנ זייער פּאָנעמ. פאָלגט נאָכ, אַשטייגער, נאָכ דער געשטאַלט פונ דעמ רויטאַרמייער טכער: שוינ די ערשטע רעאַקציע זײַנע אפ דער דיסציפּלינ פונ דער רויטער אַרמיי (ניט וועלנ אָפּשערנ די „אינטערעסאַנטע שעהעליורע", זײַנ שטעלנ זיכ שטענדיק אפנ לינקנ פלאַנג, קעריי מע זאָל ניט באַמערקנ, ווי שלעכט ער גייט אינ „סטרוי" א.ד.ג.), דעקט אימ גלײַכ אויפ און ווײַזט, וויפל דעמ קאָמבאַשטאַנד וועט אויסקומענ צו אייסעקנ זיכ מיט דעמ נעפעש...

און דאָכ איז ניט טכער די הויפּט־געפאַר—ער און ענלעכע אָפּענע אַרונטערײַסער דעקנ זיכ גלײַכ אויפ און פאַרלײַכטערנ דעריבער דעמ קאַמפ מיט זיי—און קעגנ אַזעלכע טכערס זײַנענ פאַראַנ געננוג אויפגוירקונג־מיטלענ. שווערער איז די אויפווירקונג אפ די פּאַסיווע—אפ יענע, וואָס דערשרעקנ זיכ פאַר די ערשטע שוועריקײַטנ און ווערנ באַ זיכ אָפּהענגיק, דידאָזיקע נייטיקנ זיכ אינ אַנ אויפמונטערונג, אינ כאַווערישער מיטהילפ, אינ טאָגטעגלעכער אָנפירונג. זאַבאַרע האָט גענומענ דעמדראָזיקנ מאָמענט אַלס אויסגאַנג־פּונקט אפ צו ווײַזנ, ווי אַזוי דידאָזיקע פּראָבלעמ איז ניט קיינ צווייטראַנגיקע, נאָר אַזאַ, וואָס שטייט אינ צענטער פונ דעמ רויטאַרמייִשנ לעבנ, וואָס דיפערענצירט דעמ קאָמבאַשטאַנד, דעקט אויפ דעמ צושטאַנד פונ דער פּאַרטייִש־קאָמיוגישער אַרבעט א.א.וו. א.וו.

לערנענ אינ דער רויטער אַרמיי הייסט ווײַס ניט, ווי מע האָט „געלערנט" אינ דער אַלטער אַרמיי. דער אָפיצער, דער פאָרשטייער פונ די העכערע שיכטנ, האָט פאַר זיכ געהאַט אַ גאַנצ קלאָרע אײַנשטעלונג:

„שטייענדיק פאַרנ סאָלדאַט, פאַרגעס, אַז ער איז אַ מענטש. אַ סאָלדאַט איז אַ סאָלדאַט, אַ באַוואָפנטע קראַפט, נאָר אַ קראַפט אַ געהאָרכזאַמע, אומבאַוווסטזיניקע, בלינדע" (אַזוי האָט געלערנט אַנ אָנגעזעענער גענעראַל די אָפיצערנ פונ דער צאַרישער אַרמיי, ציטירט לויט פּ. ראַדיאָנאָווס אַרטיקל „ערשטקלאַסיקע פּאָליטישע שול", „פּראַוודאַ" פונ 17־טנ פעוראַל 1933 י.). אונדזער קאָמאַנדיר איז אַ קאָמאַנדיר פונ „דער איינציקער אינ דער וועלט אַרמיי, ווו די קעמפער זײַנענ מעכוּיעוו און האָבנ רעכט צו אורטיילנ" (מ. גאָרקי).

דעריבער זײַנענ דאָ די מעטאָדנ פונ אויפווירקונג גאָר אַנדערע. דער קויעכ פונ אונדזער רויטער אַרמײַ איז אינ „איר אײַזערנער באַוווסטזיניקער דיסציפּלינ, אינ דעמ, וואָס דער קאָמאַנדיר,—אַ ברודער לויטנ קלאַס,—גיט איבער זײַנע יעדיִעס ניט מיטנ קאַנטשיק, ניט דורכ געשרייענ, נאָר דורכ טאָגטעגלעכע כאַווערישער מיטהילפ. אָט זעט, ווי אַזוי אונדזער קאָמאַנדיר ווירקט אויפ אפ דעמ רויטאַרמייער. אינ אַ ווינטערדיק־פראָסטיקנ טאָג אפנ פעלד, געפינט דער ראָטקאָמ דאָכ אַ געלעגנהײַט, בלײַבנדיק אויג אפ אויג מיטנ פּאַסיווו אָפּשטייענדיקנ אַכטאַנינענ, אַזוי זיכ, אַגעוו, דערקונדיקנ, ווי האַלט עס באַ אימ מיט די לימודימ, לײַכט אימ אויסמוטערנ און גלײַכצײַטיק אויפמונטערנ:

„... איכ גלויב אײַכ, איכ גלויב אײַכ, און איכ ווייס, כ׳ אַכטאַנינ, איכ ווייס, איר האָט זיכ אינ די לימודימ אונטערגעצויגנ, איבערהויפּט אינ ראַדיאָ־איניענ... נאָר אָט, די דיסציפּלינ, די דיסציפּלינקע אַביסל הינקט באַ אײַכ... און דעריקער, אָט די גלײַכגילטיקע באַציִונג אײַערע: עפּעס קוקט איר אפ אַלצ, ווי אפ אַנ אָפּקומעניש, גלײַכ ווי איר וואָלט דינענ ניט דעמ אַרבעטער־קלאַס, נאָר דער רוּעכ ווייסט וועמענ" (ז. 156).

אָט דידאָזיקע פאָרמע פונ אויפווירקונג פלעכט זיכ איבער מיט אַ ברייטער פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט, מיט שלאָגלערײַ, סאָצבעוועט א.א.וו. א.וו. דער גאַנצער בוכ איז מאַמעש אָנגעפילט מיט בילדער וועגנ דעמ, ווי אַזוי עס לעבט און פולסירט אונדזער קאַזאַרמע, ווי אַזוי דער גאַנצער רויטאַרמייִשער קאָלעקטיוו, אונטער דער אָנפירונג פונ דעמ פּאַרטייִש־קאָמיוגישנ יאָדער, שלאָגט זיכ פאַר הויכע און גיכע טעמפּנ אינעמ באַהערשנ די מיליטערישע טעכניק. די גאַנצע אַרבעט פונ דעמ קאָמפּאָליטבאַשטאַנד איז צו דערפירנ צומ באַוווסטזײַנ פונעמ רויטאַרמייער דעמדראָזיקנ געדאַנק, וואָס איז אויסגעדריקט אַזוי לאַקאָניש דורכ דעמ פּאָליטרוק:

„מיילע, מיר וואָלטנ שוינ אַזוי ניט אָנשטרענגענ זיכ, זאָל דאָס געדויערנ נאָכ אַ וואָכ, נאָכ אַ כוידעש, נאָר דער סוינע וויל, אַפּאָנימ, ניט וואַרטנ. איר זעט דאָכ דעמ בײַשפּיל מיט דער פּראָמפּאַרטיי!"... (98).

און דערפירן צום באוווסטזײַן פונעם רויטארמייער דעמדאָזיקן געדאַנק—הייסט אַזוי גוט, ווי זיכערן א דערפאָלג אין די קומענדיקע שלאַכטן, ווײַל ניט נאָר אָפּ הויכער טעכניק האלט זיך די רויטע ארמיי, נאָר אָפּ טעכניק, וואָס איז געקייפלט אָפּ קלאַסן־באוווסטזײַן, אָפּ באַזיניקן די ראָלע און באַדײַטונג פון דער רויטער ארמיי פאר דער סאָציאַליסטישער בויונג. דער כ׳ זאַבאַרע האָט עס פארשטאַנען און געהעריק אַקצענטירט אין זײַן בוך, דעריבער געפינען מיר בא אים אַזויפיל בילדער וועגן דער פּאָליטישער דערציִונג אין דער רויטער ארמיי, אַזויפיל גלענצנדיקע בילדער וועגן כאַווערישע גלעזלעך טיי פאר אָפּגעשטאַנענע, אינסצענירטע אויסשטעלונגען, פאָרשטעלונגען, מיטינגען א.א.וו. א.וו., דעריבער געפינען מיר בא אים אַזויפיל אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל וועגן דער פּאַרטיי און קאָמיוג, וועלכע פירן אָן מיט די אַלע פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אין דער ארמיי, דערמיט גופא האָבן מיר באַקומען אַן עמעסע קינסטלערישע שילדערונג פון אונדזער רומפולער רויטער ארמיי.

---

„ראַדיִאָ־ראָמאַן“ האָט אָבער אויך באַדײַטנדיקע פעלערן. זיי גייען הויפּטזעכלעך, ווי מיר האָבן געזאָגט, לויט דער פּאָפּולערער ליניע פון דעם ראָמאַן. עמעס, מיר האָבן דערווײַל באַקומען נאָר דעם ערשטן טייל פונעם בוך און מיר ווייסן נאָך ניט, וויִאַזוי דער אויטער וועט דידאָזיקע ליניע פירן ווײַטער, אָבער אויך דער ערשטער טייל שטעלט מיט זיך פאָר א בוך, וואָס פאַרמאָגט איבער 200 זײַטן און דער אויטער האָט, אַלזאָ, געהאַט א מעגלעכקײַט מער אויסקלאָרן און צעמענטירן דאָס בוך, האָט זיך אָבער דידאָזיקע גרויסע צאָל זײַטלעך א קער געטאָן קעגן אויטער און מיר האָבן באַקומען א בוך, וואָס פאַרמאָגט אַסאַך אינטערעסאַנטע פאַקטן און אייגצל־הײַטן און ה׳עלכע פארשטעלן מאַמעש די הויפּט־קאַוואָנע פונעם אויטער. וואָס איז געווען דער פאַרטראַכט פונעם אויטער?—ווײַזן וויִאַזוי א דעקלאַסירטער יוגנטלעכער—בעסער געזאָגט—א יוגנטלעכער, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון אַן ארבעטער־סוויווע—ענדערט זיך און וואַקסט אויס אין דער רויטער ארמיי. האָט אָבער דער אויטער געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט, קעדיי צו פאַרטושירן דידאָזיקע ליניע. דאָס איז פריִער פאַר אַלץ קאָנטיק פון דער קאָמפּאָזיציע פונעם בוך: דאָ האָט איר צענדליקער באַזונדערע פאַקטן, וואָס זײַנען צווישן זיך ניט געקניפּט, ניט אונטערגעוואָרפן דער הויפּט־פּאָפּולערער ליניע, נאָר לעבן מיט זייער אייגענעם לעבן; דערצו האָט דאָ דער אויטער דאַפּקע געוואָלט אויסנוצן אַלע זשאַנרען און קינסטלערישע מיטלען, וועלכע זײַנען אים נאָר באַקאַנט—האָט ער דעם בוך איבערפולט מיט בריוו, טאָגבוכער, געבראַכן די קאָמפּאָזיציע אַזוי, אַז דער סאָף קאָן דינען אַלס אָנהייב א.א.וו. אין לעצטן סאַכאַקל האָבן מיר באַקומען אַן איבערלאָדונג פון פאַקטן, וואָס הענגען אָפּן בוך, ווי א שווערע מאַסע.

אָבער ניט נאָר אין דעם באַשטייט דער פעלער פון בוך: ערגער איז דאָס, וואָס די עצעם טעמע איז גוואַלדיק מעטושטעש. דער הויפּט־העלד (אַכטאַגין) איז ניט איבערצײַגנדיק—אָנהייבנדיק פון זײַן אײַנליבן זיך אין א מיידל עטלעכע מינוט פאַרן אָפּגיין פון צוג און ענדיקנדיק מיט דעם ראָמאַנטישן בריוו־אויסטויש צווישן זיי א.א.וו. א.וו. אַכטאַגין איז א קינסטלער—דעריבער דערלויבט אים דער אויטער אַלץ צו טאָן, ווי עס „פּאַסט פאַר א קינסטלער“: ארומטראָגן זיך אייביק אין א וועלט פון ראַיוינעס און טרוימען וועגן דער מיידל, האַלטן אין איין מאָלן איר פּאָרטרעט א.ד.גל. און ארום און ארום באַקומט זיך גאָרניט קיין רעאַלע פיגור: אַכטאַגין האַלט אין איין טרוימען, לערנט זיך שלעכט, רעכנט זיך פאַר זייער א שלעכטן רויטארמייער—און מיטאַמאָל פירט דער אויטער אונטער „א סאַכאַקל“, און אין פאַרלויף פון איין קאַפּיטל (6 רונגן) טרעפן מיר אים שוין אַן „איבער־געבוירענעם“: ער קלײַבט זיך אָנגעבן א מעלדונג אין פּאַרטיי, נעמט זיך צום לערנען א.א.וו.

ניט אײַנגאַנצן מאָטיווירט איז אויך אַכטאַגינס אַנטיפּאָד—זײַן כאַווער ביקאָוו. ביקאָוו האָט פאַר זיך א ציל צו ווײַזן די פּאָזיטיווע געשטאַלט פון אונדזער יוגנט. ביקאָוו איז אַן ארבעטער, א קאָמיוגיסט, לערנט זיך גוט, סטאַרעט זיך די גאַנצע צײַט ארויסצושלעפּן אַכטאַגינען פון זײַן פלעגמאַטישן צושטאַנד און מאַכן אים אַקטיווער. אָבער דער אויטער האָט דאָ היפּש איבערגעכאַפּט די מאָס: וועלנדיק ווײַזן ביקאָוון אַלס א נײַעם מענטשן, האָט ער אים געמאַכט אַלס איבערמענטש. בעעמעס: די ראָמאַנטישע מיידל, אין וועלכער אַכטאַגין איז אַזוי פאַרליבט, ווײַזט זיך ארויס, איז ביקאָווס א קאַלע, ביקאָוו איז אין קורס פון דער גאַנצער קאָרעספּאָנדענץ, ער זעט, וויִאַזוי בא בײדן וואַקסט אָן אַן ערנסטער געפיל צו אַכטאַגינען, ביקאָוו האָט זי שטאַרק ליב און דאָך שטעלט ער זיך אָנאַזײַט, ווען אַכטאַגין און בײדע טרעפן זיך צונויף. דערדאָזיקער פאַרטראַכט צו ווײַזן דעם נײַעם מענטשן, וואָס קען באַהערשן זײַנע אייגענע געפילן, פאַרמאָגט ניט די געהעריקע „פאַרוואָס?“ און „פאַרוועגן?“, איז קינסטלעריש אַבסאָליוט ניט מאָטיווירט. דו בלײַבסט עפּעס, איבערלייִענדיק וועגן דעמדאָזיקן העלד, בא אַן אײַנדרוק, אַז דו האָסט דאָ צו טאָן מיט א יונגן „צאַדיק“, וואָס האַלט פאַר זײַן כויוו שטענדיק אָפּצוטרעטן דעם וועג...

די איבעריקע העלדן (סכער, כמארע א.א.) זײַנען נאָך ווייניקער אויסגעדריקט. וועגן יעדן איינעם פון זיי ווייסט דער אויטער וואָס ס׳איז צו דערציילן און דערפירט עס ניט ביזן סאָף (די געשיכטע, אשטייגער, מיט סכערס פאמיליען־טראגעדיע בלײַבט ניט קלאָר ביזן סאָף).

דער אויטער קען ניט אײַנהיטן קיין פּראָפּאָרץ. דער זײַטיקער מאטעריאל ווערט אָפּטמאָל דער דאָמינירנדיקער און פארפלאָנטערט שטארק די הויפּט־ליניע פונעם בוך.

און צום שלוס נאָך וועגן איין מאָמענט. זאבארע, ווי מיר האָבן אונטערשטריכט, איז בא אלע זײַנע פעלערן, וועלכע מיר האָבן דאָ אָנגעצייכנט, דאָך אן אויסגעצייכנט, אן אריגינעלער און ערנסטער שרײַבער. די פארשיידענע קינסטלערישע מיטלען, וועלכע דער אויטער נוצט אויס אין זײַן בוך, זאָגן אײדעס וועגן א באשטימטער ליטעראַרישער קולטור. באזונדערס איז פּאָזיטיוו אין זײַן שאפונג דאָס, וואָס זאבארע פּרוּווט זיך פּאָרטיפערן אין א געשטאלט, וואָס ער סטארעט זיך אלעמאָל אויסגעפינען א ריי דינע שטריכן און דעטאלן, וואָס זאָלן כאראקטעריזירן דעם פּסיכאָ־אידעאָלאָגישן צושטאנד פון זײַנע העלדן, ווײַזן, וויאַזוי דאָס באקומט אן אָפּשפּיגלונג אין באוועגונג, געזיכט־אויסדרוק א.א.וו. אין דעם אלץ פילט זיך שטארק א ווירקונג פון בערגעלסאָנען. אָבער זאבארע נעמט אָפּטמאָל איבער ריין מעכאניש א ריי שטריכן פון בערגעלסאָנס שאפונג, וועלכע זײַנען עפּשער געווען בעזעצמעסיק אין סטיל פון „נאָך אלעמען“ און זײַנען אבסאָליוט ניט בארעכטיקט באם פאנאנדערארבעטן אזא שטאָף, ווי אין „ראדיאָ־ראָמאן“. נעמט, אשטייגער, די פאָרמע פון ריידן אין דריטער פּערזאָן—זי האָט איר לאָגיק, ווען מיט איר באנוצן זיך די שווײַגנדיקע העלדן פון „נאָך אלעמען“, און ניט בארעכטיקט דאן, ווען מע ווענדט זי אָן צו אזא קאָלעקטיוו, ווי די רויטע ארמיי, ווײַל דידאָזיקע פאָרמע מאכט די דערציילונג איינגאנצן טעטפעראמענטלאָז. דאָסזעלבע דארף מען זאָגן בענעגייע דער באליבטער פאָרמע פונעם אויטער צו דעטאַלירן דעם סוביעקט אָדער אָביעקט. אין געוויסע פאלן איז דאָס בארעכטיקט, אָבער, אז מע האלט אין פארלויף פון גאנצן בוך אין איין אויסטײַטשן, ווער איז דער „ער“, די „זי“ א.א.וו., ווערט עס איבערדריסיק.

דידאָזיקע מאניער, ווי אויך דאָס אָפטע באנוצן דעם סובסטאנטיוו פאר דעם אדיעקטיוו („מ׳וועט באלד דארפן גיין אפן טיי צוליב דער פארזאמלונג דער אלגעמיי̆נער“) פארשווערן̇קט זייער דאָס לייענען און מאכט דעם בוך סטאטיש. און דער מאטעריאל פון דעם בוך איז דאפקע אזא, וואָס פאָדערט דינאמישקײַט, ווײַל דער אויטער האָט דאָך אונדז באוויזן צו געבן א פאָרשטעלונג וועגן אזא יונגן, ברויזנדיקן קאָלעקטיוו, ווי די רויטע ארמיין

דער כ׳ זאבארעס פארמאָגט א גאנץ שארפע קינסטלערישע אויג און קינסטלערישע מעגלעכקײַט. און מיר האָבן רעכט זיכער צו דערווארטן, אז די פעלערן, וואָס דער ערשטער טייל פונעם בוך פארמאָגט (מאָמענטן פון ביכלדיקײַט, צעפלאָסנקײַט א.א.) וועלן אויסגעלעבט ווערן אינעם צווייטן טייל פון זײַן בוך.

ו. וויטקינ

# וועגנ א. קאַהאַנס ביכל „לידער"

(מ.פ.וו., 1932 יאָר. פּרײַז 80 ק.)

„ניטאָ אזוינע קאָסעס, זאָלנ אויסקאָסענ מײַנ פרייד" (ז. 30).

אײַזיק קאהאנס ביכל „לידער" איז אָנגעזעטיקט מיט סאָציִאַלער פרייד. דאָס איז די פרייד פונ אונהזער טאָגטעגלעכער ארבעט, פונ די דערגרייכונגענ, וואָס דער סאָוועטנפארבאנד האלט אָפּ אינ קאמף פאר דער סאָציִאַליסטישער אָנקלאסאָווער געזעלשאפט.

דעם פאָעט פארכאפּנ די דערגרייכונגענ פונ קאָלעקטיוויזאציע, אינדוסטריִאַליזאציע א.א.וו.

א. קאהאנס טעמאטיק שפּיגלט אָפּ די פארשיידנארטיקײַט פונ דער אייגהײַטלעכער סאָציִאַליסטישער בויונג.

די ארבעט ווערט בא א. קאהאנענ ניט אײַנגעטיילט אָפּ כאָשעווע אונ ניט כאָשעווע. יעדע ארבעט, וואָס גייט אינ די אינטערעסנ פונ דער סאָציִאַליסטישער בויונג, איז כאָשעווע. פארגלײַכט

„ווענ ציגל לייגנ זיכ אינ בויענדיקנ ברענענ
איז אָפּ דעמ א וועכטער זײַנ אויכעט דאָכ א גליק". (ז. 44).

אונ

„ליב צו דעמ, ווענענ ס׳לאנד פארטרויט דעמ דאָר
דעמ נײַעמ דאָר אָפּ כאָוועננ אונ אָפּ וואקסנ". (ז. 51).

דער וועכטער, דער לערער—ביידע זײַנענ גליקלעכ מיט זייער ארבעט, ווײַל ביידע פילנ זייער געזעלשאפט־לעכע נוצלעכקײַט, ווײַל ביידע דינענ זיי אָפּ פארשיידענע אויפגאבמ דער סאָציִאַליסטישער בויונג.

דער באוווסטזײַנ פונ זײַנ נוצלעכ דער סאָוועטנמאכט מונטערט, גיט צו פרישע קויכעס אינ דער ווײַטער־דיקער ארבעט.

אינ דער ליד „נאָכ א מידנ ארבעט־טאָג" שטעלט ער אוועק די פּראָבלעמ פונ מידקײַט אונ ארבעט. ער לייקנט ניט אָפּ, אז די ארבעט מידט אויכ אײַנ, ווי דאָס טוענ אייניקע שרײַבער, וואָס ווילנ זײַנ אולטרא-רעוואָ־ליוציִאָנער. דער אָפּרו איז בא אימ נאָר א מיטל באפרײַענ זיכ פונ דער מידקײַט, קעדיי מיט פרישע קויכעס קאָנענ נעמענ זיכ פאר דער ווײַטערדיקער ארבעט.

„ליגנ די כעווריע מידע אָפּ סנאָפּעס
אונ שלאָפנ אינ געזער א ווארעמע נאכט".

אָדער:

„עס וועט קיינער פונ זיי ניט פארשלאָפנ...
אונ אז טאָג וועט דורכ טויער זיכ גענבנ א שפּאר,—
וועט אוועקגייב קאָנווייער פונ סנאָפּעס". (ז. 29).

אײַזיק קאהאנ קוקט אפנ לעבנ מיט אָפענע אויגנ. ער זעט אָבער נאָכ ניט דעמ לעבנ אינ זײַנ גאנצער פילזײַטיקײַט, דערפאר איז בא אימ קימאט ארויסגעפאלנ דער קלאסנ־סוינע, דער פויליאק אונ אנד.

אינ „ארומ לעצטע סטעזשקעס“ וויל א. קאהאנ איבערצײַגנ אינ דער נוצלעכקײַט פונ קאָלעקטיווער לאַנד־ווירטשאַפט. דער גרונט־מאָטיוו פאר אריבערגײַנ צו קאָלעקטיווער ערד־ארבעט איז אינ ליד דאָס, וואָס די סטעזשקעס ברענגענ צו הארינעס איבער א זאנג...

אזוי גאָר?... דאָס קענ דאָכ אויכ ברענגענ צומ געמײַנדע־געראנק אונ ניט נאָר צומ געראנק פונ קאָלעק־טיווער לאנדווירטשאפט. מע טאָר ניט אזוי וווּלגאריזירנ א היסטאָרישנ פראָצעס.

קאהאנס „רויטע אָבאָזנ“ זײַנענ פאקטיש ניט ענלעכ אפ רויטע אָבאָזנ. זאָגנ „פירט מענ פונ די דערפער קאָרנ פולע שליטנס“, הייסט זאָגנ ניט דאָס, וואָס טיילט אויס די רויטע אָבאָזנ פונ אנדערע פולע שליטנס מיט קאָרנ. אינ דער ליד „באמ סטויג“ פעלט די סאָציִאַלע כאראקטעריסטיק פונ דעמ אלטנ פויער. ס'איז ניט קענטיק, וועמ ער איז: צו וועלכנ דאָרפישנ סאָציִאַלנ סעקטער געהערט ער?

די בילדער, מיט וועלכע עס אָפערירט אײַזיק קאהאנ, זײַנענ מונטערע. אפילע דעמלט, ווענ ער דערמאָנט בילדער פונ פארשאָלטענעמ צארישנ אמאָל, איז עס ניט צוליב ארויסרופנ א גערריקטע שטימונג באמ לייענער, נאָר צוליב אונטערשטרײַכנ דעמ מוירעדיקנ קאָנטראסט פונ צארישנ אמאָל אונ סאָוועטישנ הײַנט. די בילדער פונ דעמ צעטריקנטנ, צעשפאָלטענעמ טורקעסטאנ מיט זײַנע זאמד־רעגנס זײַנענ ניט קיינ זעלבשטענדיקע עקזאָטישע בילדער, נאָר זיי שטרײַכנ אונטער די ליכטיקע צוקונפט פונ טורקסיבירער געגנט אינ צוזאמענהאנג מיט דער אויסגעבוימער אײַזנבאנ־וועג—טורקסיב.

די צעקאליעטשעטע לאָקאָמאָטיווג באמ דעפאָ דערמאָנענ אָנ קראנקע, אָבער דער פאָעט מעטאפאָריזירט עס אזוי, קעדיי דערנאָכ פרייִלעכ אָנזאָגנ:

„קראנקע פאראָוואָזנ זײַנענ שוינ געזונט“.

מע דארפ אויכ גלײַכצײַטיק אָפמערקנ, אז אָפט לײַדנ די לידער פונ א ניטגעלונגענעמ ווערטער־באנוץ. דאָס שוואכט, פארשטייט זיכ, אָפ די סאָציִאַלע פונקציע פונ די לידער. אזוי, צ. ב., ווענדעט זיכ דער פאָעט צו די סטעזשקעס, די „סימאָנימ פונ פריצימ אונ פונ ריכער“, צו די סטעזשקעס, קעגנ וועלכע ער קעמפט מיט אזא שורע:

„סטעזשקעס, מײַנע שוועסטער“.

אזוי ווענדעט מענ זיכ צו א גאָר נאָענטנ, אזא ווארעמער טאָנ שוואכט אָפ די שטימונגענ, וואָס דער פאָעט אָרגאניזירט אינ קאמפ קעגנ די סטעזשקעס, פאר דער קאָלווירטישער פעלדער־סיסטעמ.

מע וואָלט געקענט ברענגענ נאָכ בײַשפילנ, וואָס ריידנ וועגנ דעמ, אז דער כ' א. קאהאנ דארפ נאָכ זייער פיל ארבעטנ איבער זיכ.

א. קאהאנ האָט קינסטלערישע מעגלעכקײַטנ ארויסצולעבנ די פעלערנ, אופהייבנ זיכ אפ א העכערנ אידעאָלאָגיש־קינסטלערישנ שטאפל. צוליב דעמ איז נייטיק ערנסט ארבעטנ איבער זיכ.

# כראָניק

## ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט צום 15־טן יאָרטאָג פון דער רויטער אַרמיי

— דער טעאַטער פון צענטראַלן הויז פון דער רויטער אַרמיי (מאָסקווע) גרייט אַ נײַע פּיעסע וועגן דער רויטער אַרמיי „קעמפּער“ פון ראָמאַשאָוו. רעזשיסער פון ספּעקטאַקל י. אַ. זאַוואַדסקי. דער טעאַטער פון קליינע פאָרמען פון צענטראַלן הויז פון דער רויטער אַרמיי אַרבעט איבער קוואַסניצקיס פּיעסע „עס האָבן געדינט 2 כאַווײַרים“, שטעלונג פון רעזשיסער מאַרגאָלין. קינסטלער טילינגאַטער. דער אַנסאַמבל פון רויטאַרמייִשער ליד פון צענטראַלן הויז פון דער רויטער אַרמיי גרייט אַ דראַמאַטישע פּאָעמע פון קאָליטשאָוון „דער רויטער ווערדען“. דער מאָסקווער מעלוכישער הײַנטצײַטיקער טעאַטער גרייט ראַדיאָנאָווס פּיעסע „דער ערשטער טורעם“, סצענעס פון לעבן פון רויטן פלאָט, שטעלונג פון נ. ק. סוואָבאָדין.

— צום 15־טן יאָרטאָג פון דער אַרבעטער־פּויערישער רויטער אַרמיי לאָזן אַרויס די סאָוועטישע קינאָ־פאַבריקן 11 קינסטלערישע פילמען. די לענינגראַדער פאַבריק גרייט 4 נײַע פילמען. די מאָסקווער פאַבריק לאָזט אַרויס 3 שטומע פילמען „וויִאַזוי דאָס איז געווען“ (וועגן דער ראָלע פון דער פּרוי אין בירגערקריג); „הייסע בלוט“ (דאָס אָרגאַניזירן פון דעמאָביליזירטע רויטאַרמייער אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָמונע אין ווײַט מיזרעך) און „די שטאָט אונטערן דראַנג“ — וועגן דער קעגנלופט־שוץ. רעזשיסער געניק.

די פאַבריקן פון ווײַסמעלוכע־קינאָ און פון אוקרײַנע גרייטן דרײַ פילמען פון דער עפּאָכע פון בירגערקריג. פון זיי צוויי קלאַנג־פילמען „דער ערשטער ווזוואָד“ (סצענאַרי — בראָדיאַנסקי, רעזשיסער — קאָרש) און „קאַכאָווער פּלאַצדאַרם“ (סצענאַרי פון לאַזורין, רעזשיסער — סטריזשאַק). אַ שטומער פילם „רייד“, געווידמעט דעם העלדישן עפּיזאָד פון דעם באַרימטן „דאָרעם־מאַרש“ פון דער 45־טער דיוויזיע. עס איז פאַרענדיקט געוואָרן דער קינסטלערישער קלאַנג־פילם „די 26 באַקווער קאָמיסאַרן“.

— דער מעלוכע־פאַרלאַג פון אוקרײַנע לאָזט אַרויס אַ ספּעציִעלע איליוסטרירטע ביבליִאָטעק פון 24 בענדער. אין דער ביבליִאָטעק וועלן אַרײַן די בעסטע שאַפונגען פון דער רויטאַרמייִשער טעמאַטיק פון די באַרימטסטע סאָוועטישע שרײַבער.

— די „סאָוועטישע ליטעראַטור“ לאָזט אַרויס פאָלגנדיקע ביכער: מיכאַיִל קאָלצאָוו — „איך וויל פליִען“; נ. גאַרניטש — „באַטקאָ באָזשענקאָ“; ל. דעכטיאַראָוו — „עס מאַרשירן מיליאָנען“; אַ. פאַדייעוו — „צעקלאַפּט“ און בעלאַ אילעש „די ביקס“.

# ליטעראַטור

— פון 12־טן ביזן 16־טן פעווראַל איז אין מאָסקווע פאָרגעקומען דער צווייטער פארברייטערטער פּלענום פון אַלפארבאנדישן אָרגקאָמיטעט פון פארבאנד סאָוועטישע שרייבער פון פ.ס.ס.ר. דעם פּלענום האָט געעפנט דער פאָרזיצער פון אָרגקאָמיטעט פון פ.ס.ש. פ.ס.ס.ר. דער כ׳ גראָנסקי. דער כ׳ לונאטשארסקי האָט געהאַלטן א פאָרטראַג וועגן די אויפגאבעס פון דער סאָוועטישער דראמאטורגיע. דעם ערשטן טייל פון זיין פאָרטראַג האָט כ׳ לונאטשארסקי געווידמעט די אויפגאבעס פון דער סאָוועטישער קונסט. ער האָט זיך אויספירלעך אָפּגעשטעלט אפן טאָכ פון דעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם. אינעם צווייטן טייל פון דעם פאָרטראַג איז כ׳ לונאטשארסקי איבערגעגאנגען דירעקט צו די אויפגאבעס פון דער דראמאטורגיע. ער האָט אונטערגעשטראָכן די באדייטונג, וואָס פאר אונדז האָט די דראמאטורגיע בא היינטיקן טאָג, ווי די אקטיווסטע פון אַלע קונסטן. כ׳ לונאטשארסקי פארשארפט די אויפמערקזאמקייט פון דער אודיטאָריע אפ די אויפגאבעס, וואָס די באשלוסן פון יאנוואר־פּלענום פון צ.ק. אל.ק.פּ.(ב) רוקן ארויס פאר די דראמאטורגן.

מיט א קאָררעפעראַט איז ארויסגעטראָטן כ׳ ס. דינאמאָוו. ער האָט זיך אינקורצן אָפּגעשטעלט אפ דעם אַלגעמיינעם וווּקס פון אונדזער קולטור און וועגן אונדזער קונסט. דעמדאָזיקן וווּקס זיינען געצווּנגענע אָנערקענען איצט אפילע אונדזערע סאָנים. אין די דעבאטן האָבן זיך אקטיוו באטייליקט שרייבער פון פארשיידענע רעפּובליקן פון פארבאנד. אפן פּלענום זיינען אויסגעהערט געוואָרן פאָרטראַגן וועגן די ליטעראטורן פון גרוזיע, ארמעניע און אזערביידזשאן וועגן זייער גרויסן וווּקס און ווייטערדיקע פּערספּעקטיוון. אפן פּלענום איז ארויסגעטראָטן דער פארוואַלטער פון קולטפּראָפּ פון צ.ק. אל.ק.פּ.(ב) כ׳ סטעצקי, וועלכער איז באגעגנט געוואָרן מיט לאנגדויערנדיקע אפּלאָדיסמענטן. מיט א גרויסער רעדע וועגן די אויפגאבעס פון אונדזער סאָוועטישער דראמאטורגיע איז ארויסגעטראָטן דער פאָרזיצער פון אַלפארבאנדישן אָרגקאָמיטעט כ׳ גראָנסקי.

— דעם 15־טן און דעם 18־טן פעווראַל זיינען אין מינסק פאָרגעקומען אַלגעמיינע פארזאמלונגען פון די יידישע סאָוועטישע שרייבער פון ווייסרוסלאנד, געווידמעט דער פראגע וועגן די ארויסטרעטונגען פון קלאסן־סוינע אפן ליטעראטור־פראָנט אונטער א פאלש־נאציאָנאַלער פאָן.

מיט א גרעסערן פאָרטראַג איבער דערדאָזיקער טעמע איז ארויסגעטראָטן דער כ׳ דונעץ. דער כ׳ דונעץ ברענגט א ריי פאקטן פון ארויסטרעטונגען פון קלאסן־סוינע אונטער א פאלש־נאציאָנאַלער פאָן אפן קולטור־פראָנט (שעדלעכע ערטער אין ארויסגעגעבענע ביכער, קלאסן־פיינטלעכע ארויסטרעטונגען אין לערן־אנשטאַלטן, גרויסהערשערישער שאָוויניזם אין דער ארבעט פון ווייסמעלוכע־קינאָ, בונדיסטיש־מענשעוויסטישע קאָנצעפּציעס אין וויסנשאַפטלעכע ארבעטן, מאָמענטן פון נאציאָנאַליזם בא יידישע שרייבער א.ד.גל.).

די דעבאטן איבערן פאָרטראַג פון כ׳ דונעץ האָבן זיך פארצויגן אפ 2 פארזאמלונגען. עס האָבן זיך ארויסגעזאָגן די כ״כ: בראָנשטיין, יודלסאָן, קורלאנד, דובראָוויצקי, ליפשיץ, וויינהויז, אקסעלראָד, קאצאָוויטש, קולבאק, הערשנבוים און אנד.

די ארויסגעטראָטענע כ״כ האָבן אָנגעוויזן אפ א ריי דורכפאַלן אין דער פּאָליטדערציִערישער ארבעט צווישן די יידישע סאָוועטישע שרייבער, אפ דער אָפּגעשוואכטער ארבעט פון דער יידסעקציע, אפ דעם ניט איינשליסן זיך מיצאד די שרייבער אין די וויכטיקסטע פּאָליטיש־ווירטשאפטלעכע קאמפּאניעס א.ד.גל.

עס איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן אויפן נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער פון כ׳ יודלסאָנס אַרויסטרעטונג באַם קריטיקירן די אַרבעט פון דער ייִדסעקציע. דער כ׳ יודלסאָן האָט זײַן פעלער אָנערקענט.

די פאַרזאַמלונג האָט שאַרף פאַרורטיילט אַ ליטעראַרישע אַרויסטרעטונג פון כ׳ ליפשיץ מיט אַ ליד, ווו עס ווערט אידעאַליזירט דער באַלעגופ—אַ ליד, וועלכע די ליטעראַריש־קינסטלערישע ראַדיאָ־איבערגעבונג „לעניניעץ״ האָט געמוזט אַראָפּנעמען.

— דעם 24־טן פעוראַל האָט זיך אין דער געבײַדע פון פּוילישן טעאַטער (מינסק) געעפנט דער ערשטער פאַרברייטערטער פּלענום פון אָרגקאָמיטעט פון פאַרבאַנד סאָוועטישע שרײַבער פון וו.ס.ס.ר. דעם פּלענום האָט באַגריסט אין נאָמען פון אַלפאַרבאַנדישן אָרגקאָמיטעט פון פּ.ס.ש. דער פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר פון אָרגקאָמיטעט דער כ׳ קירפּאָטין. ער האָט זיך ברייט אָפּגעשטעלט אויף דער אַרבעט פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור־באַוועגונג נאָך דער באַשטימונג פון צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב) און געגעבן אַן אַנאַליז פון די קלאַסן־פײַנטלעכע אַרויסטרעטונגען אין דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

מיט אַ גרויסן פאָרטראַג וועגן דעם צושטאַנד פון דער ווײַסרוסישער סאָוו. ליטעראַטור איז אַרויסגעטראָטן דער פאָרזיצער פון אָרגקאָמיטעט כ׳ קלימקאָוויטש, וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די קאָלאָסאַלע דערגרייכונגען, וועלכע סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד האָט פאַרן ערשטן פינפיאָר אויפן געביט פון דער קולטור־בויונג. ער שטרײַכט באַזונדערס אונטער דעם גרויסן וווּקס פון אונדזער פאַרלאַג־אַרבעט, וועלכע איז באַזונדערס געשטיגן פאַר די יאָרן פון ערשטן פינפיאָר און האָט דערגרייכט 4035 נעמען פון ביכער אויף אַ סומע פון 13 מיליאָן רובל. אַ באַזונדערן אָרט גיט אָפּ דער כ׳ קלימקאָוויטש די מאָמענטן פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף באַ אונדז אין לאַנד און אויף זייער פאָן—די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון די נאַצדעמישע עלעמענטן אין דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור פון סידאָרענקאָ־פּענאָטשקין, ניקאַנאָוויטש און באַראַנאָוויטש.

אונטערפירנדיק אַ קורצן סאַכאַקל פונעם פּעריאָד נאָך דער באַשטימונג פון צ.ק. אַל.ק.פּ.(ב) ווײַזט אָן כ׳ קלימקאָוויטש אויף דעם גרויסן קוואַנטיטאַטיוון און קוואַליטאַטיוון וווּקס פון דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור און די ליטעראַטורן פון די נאַצמינדערהייטן.

די צווייטע זיצונג פון פּלענום, דעם 25־טן פעוראַל, וועלכע איז פאָרגעקומען אין שרײַבער־הויז, האָט זיך אָנגעהייבן מיט די פאָרטראַגן פון די כ״כ בראָנשטיין און לימאַנאָווסקי וועגן שעפערישע פראַגן. אויף דער אָוונט־זיצונג פון 25, דעם 26, 27־טן פעוראַל און אויף דער פרימאָרגן־זיצונג פון 28־טן פעוראַל זײַנען פאָרגעזעצט געוואָרן די דעבאַטן איבער די פאָרטראַגן. עס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט די כאַווערים: ביאַדוליאַ, לוזשאַניִן, קראַפּיוואַ, קושער, לינקאָוו, אוס (קונסט־סעקטער באַם צ.ק. ק.פּ.(ב)וו.), דונעץ, אַלעקסאַנדראָוויטש, יודלסאָן, קאַצאָוויטש, האַלאָוואַטש, קולבאַק, בענדע, כאַריק, מ. ליפשיץ, פּלאַטנער און אַנד. די אַלע כאַווערים האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דער גרויסער באַדײַטונג פון דער באַשטימונג פון צ.ק. פון 23־טן אַפּרעל. עס זײַנען פאַרורטיילט געוואָרן די נאַצדעמישע אַרויסטרעטונגען אין דער ליטעראַטור פון וו.ס.ס.ר. אַלע שרײַבער האָבן זיך זייער אַקטיוו באַטייליקט אינעם פּלענום. דער פּלענום האָט אַרויסגערופן אַ זייער גרויסן אינטערעס באַ דער אַרבעטער־געזעלשאַפטלעכקײַט. עס זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן אַ ריי שעפערישע פראַגעס, וואָס עס האָבן געשטעלט די כאַווערים בראָנשטיין און לימאַנאָווסקי.

מיט גרויסע רעדעס זײַנענ ארויסגעטראָטנ די פאָלק־דיכטער יאנקא קופאלא אונ יאקוב קאָלאס, וועלכע האָבנ פארורטיילט די נאצדעמישע ארויסטרעטונגענ פונ סידאָרענקאָ, ניקאנאָוויטש אונ באראנאָוויכ. אינ די רעדעס האָבנ זיי אונטערגעשטראָכנ, אז נאָר אדאנק דער ריכטיקער לענינישער נאצפאָליטיק איז מעגלעכ געוואָרנ דער פאנאנדערבלי פונ דער ווײַסרוסישער סאָוו. ליטעראטור. זיי האָפנ מיט זייערע ווײַטערדיקע ווערק נאָכמער אײַנ־שליסנ זיכ אינ דער סאָצבויונג.

דער כ׳ קאצענעלסאָנ, דירעקטער פונ קינאָ־פאבריק „סאוועצקאיא בעלארוס״, האָט גע־האלטנ א פאָרטראג וועגנ די שעפערישע פראגעס, פלענער אונ אופגאבעס, וואָס שטייענ פאר דער קינאָ־פראָדוקציע אינ וו.ס.ס.ר. ער האָט אונטערגעשטראָכנ די וויכטיקײַט פונעמ אָנטייל פונ די ווײַסרוסישע אונ ייִדישע שרײַבער אינ שרײַבנ קינאָ־סצענאריס. א ריי ווײַסרוסישע אונ ייִדישע שרײַבער פאָרנ אינגיכנ ארויס אינ לענינגראד, קעדיי ענגער פארבינדנ זיכ מיט די קינאָ־טוער אונ קינאָ־פאבריק „סאוועצקאיא בעלארוס״ אונ בא דער מיטהילפ פונ די קינאָ־רעזשיסאָרנ גרייטנ קינאָ־סצענאריס.

אפנ פלענום איז ארויסגעטראָטנ דער סעקרעטאר פונ צ.ק. ק.פ.(ב)וו., כ׳ זשאבראָווסקי, מיט א גרויסנ פאָרטראג וועגנ דעמ צושטאנד אונ די אופגאבעס פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור אינ וו.ס.ס.ר. דידאָזיקע זיצונג פונ פלענום איז פאָרגעקומענ אינ אײנעמ פונ די גרעסטע קלובנ—אינ שפײַזלער־קלוב, וועלכער האָט צוגעצויגנ זייער א גרויסנ אוילעמ. דער גרויסער אונ אינהאלטרײַכער פאָרטראג פונ כ׳ זשאבראָווסקי איז אויסגעהערט געוואָרנ מיט דער גרעסטער אופמערקזאמקײַט.

דער פלענום האָט באשטימט פארברייטערנ דעמ אָרגקאָמיטעט פ.ס.ש. וו.ס.ס.ר. אונ קאָאָפטירט אינ זײַנ באשטאנד די כ״כ: לעווקאָוו, קאָרפאטשאָוו, בראָנשטיינ אונ די פאָלק־דיכטער יאנקא קופאלא אונ יאקוב קאָלאס.

— דעמ 2־טנ פעווראל איז אינ לענינ־קלוב (מינסק) פאָרגעקומענ א ליטעראריש־שעפערישער אָוונט פונ דעמ שרײַבער א. סטרעלעצ (אָסקאר). מיט א פאָרטראג וועגנ כ׳ סטרעלעצעס שאפונג איז ארויסגעטראָטנ דער כ׳ צארט.

## טעאטער אונ קונסט

אינ ייִדישנ מעלוכע־טעאטער פונ ווײַסרוסלאנד איז דעמ 24־טנ פעווראל געשטעלט געוואָרנ א פרעמיערע די קאָמעדיע פונ וויליאמ שעקספיר „די ווינדזאָרער בירגער״. די קאָמעדיע האָט געשטעלט דער רעזשיסער כ׳ פיאָדאָראָוו. אינ דער קאָמעדיע זײַנענ ארײַנ־געפירט געוואָרנ א גאנצע ריי אינטערמעדיעס פונ אונדזער הײַנטצײַטיקײַט. דער טעאטער גרייט איצט ל. רעזניקס פיעסע „רעקרוטנ״ (לויט אקסנפעלדנ). די פיעסע שטעלט דער פארדינסטפולער ארטיסט פונ וו.ס.ס.ר. כ׳ מ. ראפאלסקי.

— דער ערשטער ווײַסרוסישער מעלוכע־טעאטער האָט דאָ ניט לאנג געשטעלט א פרע־מיערע „לײַנ״. שוינ איינעקע כאדאָשימ ווי דאָרט ווערט געשפילט מיט גרויס דערפאָלג די פיעסע פונ ווײַסרוסישנ דראמאטורג קוזמא טשאָרני—„היימלאנד״. שטעלונג פונ ל. ליט־ווינאָוו.

— דער ייִדישער טעאטער פונ קליינע פאָרמעס—דער „געזקולט״־טעאטער (קיִעוו) האָט באקומענ אנ אײַנלאדונג פונ בירעבידזשאנער ראַיִוספירקאָמ אונ פונ א ריי אנדערע סאָוועט־טישע געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס צו באזוכנ בירעבידזשאנ. דעמ 9־טנ פעווראל איז

דער „געזקולט“־טעאטער אָפּגעפאָרנ פונ קיִעוו קיינ ביראָבידזשאנ. דער טעאטער וועט דאָרט פארברענגענ 5—6 כאדאָשים אונ וועט באדינענ מיט זײַנע קינסטלערישע ארויסטרעטונגענ אלע פּאָליט־ווירטשאפטלעכע קאמפּאניעס.

— דער מאָסקווער מעלוכישער ײִדישער טעאטער ארבעט איצט איבער ד. בערגעלסאָנס נײַער פּיעסע „מידעס האדינ“, דאָס איז דער באוווסטער ראָמאנ „מידעס האדינ“, איבערגעארבעט אינ א פּיעסע פונ דעמ אווטער אליינ. אינ דעמ ספּעקטאקל וועט זיכ באטייליקנ דער גאנצער אקטיאָרנ־קאָלעקטיוו (אינ דער פּיעסע זײַנענ פאראנ 45 ראָלנ) אונ ער וועט דורכגעפירט ווערנ אויסשליסלעכ מיט אייגענע קרעפטנ. דעמ ספּעקטאקל שטעלט דער פארדינסטפולער ארטיסט פונ דער רעפּובליק—מיכאָעלס. רעזשיסערנ: דער פארדינסטפולער ארטיסט זוסקינ, אי. שידלאָ אונ מ. שטיימאנ. קאָמפּאָזיטער—דער פארדינסטפולער ארטיסט פולווער. די פּרעמיערע וועט גיינ אינ אפּרעל הײַאָר. עס איז אויכ אָנגעמערקט געוואָרנ אופירנ שעקספּירס „קעניג ליר“. שטעלנ וועט די פּיעסע דער בארימטער דײַטשישער רעוואָליוציאָנערער רעזשיסער כ׳ ערווינ פּיסקאטער.

— דער מאָסקווער ײִדישער „טראמ“ גרייט א שטעלונג „קײַלעכדיקע וואָכנ“—דראמאטישער מאָנטאזש לויט אי. כאריקס פּאָעמע. שטעלונג פונ רעזשיסער אי. עדעלמאנ, קאָמפּאָזיטער—ג. יודינ, קינסטלער—אי סטעפּאנאָוו, טענצ—יו. מענעס, קאָנצערט־מײַסטער—א. בודייסקי.

— דער ראטספּאָלקאָמ פונ פ.ס.ס.ר. האָט באשטימט דערקלערנ א קאָנקורס צווישנ די שרײַבער פונ פ.ס.ס.ר. אפ שאפנ די בעסטע טעאטראלע פּיעסנ (די טעמעס—לויטנ אויסוואל פונ די שרײַבער—פונעמ שטייגער אינ פ.ס.ס.ר. אונ אינ אויסלאנד). אפ פּרעמירנ די בעסטע דראמאטורגישע שאפונגענ, וואָס וועלנ צוגעשטעלט ווערנ צומ קאָנקורס, אײַנשטעלנ 10 פּרעמיעס פונ ראטספּאָלקאָמ פ.ס.ס.ר.: צוויי ע ר ש ט ע פּרעמיעס צו 15.000 ר. דרײַ צ ו ו ײ ט ע פּרעמיעס—צו 10.000 ר., פינפ ד ר י ט ע פּרעמיעס—צו 5.000 ר. דער טערמינ פונ צושטעלנ די פּיעסנ צומ קאָנקורס איז דער ערשטער נאָיאבער 1933 י.

— די ווײַסדראמגעזעלשאפט (מינסק) האָט צוגעצויגנ א ריי דראמאטורגנ אפ אָנשרײַבנ פּיעסנ פונ קליינער פאָרמ פארנ פרילינג־פּארזיי. די ארבעטנ דארפנ צוגעשטעלט ווערנ ניט שפּעטער פונ 1־טנ אפּרעל ד. י. פּיעסנ פונ קליינער פאָרמ שרײַבנ די כאווײרימ: קאָבעצ, סטאשעווסקי, וואָלני, אילינסקי, שאשאליעוויטש, דאָלגאָפּאָלסקי אונ קאצאָוויטש.

# אנ אנטשיידענעמ ווידערשטאנד די אנטי-סאָוועטישע ארויסטרעטונגענ אפנ אידעאָ-לאָגישנ פראָנט

**באשטימונג פונ ביוראָ פונ צ.ק. אונ פרעזידיומ פונ צ.קק. ק.פ.(ב)וו. אינ צו־זאמענהאנג מיטנ ארטיקל „אונטער א פאלש־נאציאָנאלער פאָנ" אינ דער צײַטונג „פראוודא" פאָרנ 3־טנ פעווראל ד. י., וועלכע איז באשטעטיקט געוואָרנ דורכנ פארייניקטנ פלענומ צ.ק. אונ צ.ק.ק.**

דער פארייניקטער פלענומ פונ צ.ק. אונ צ.ק.ק. באוויליקט פולשטענדיק אונ באשטע־טיקט פאָלגנדיקע באשטימונג פונ ביוראָ פונ צ.ק. אונ פונ פרעזידיומ פונ צ.ק.ק. פאָרנ 17־טנ פעווראל:

1. די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פרעזידיומ פונ צ.ק.ק. ק.פ.(ב)וו. מערקנ אָפּ, אז דער צ.־אָ. „פראוודא" פונ 3-טנ פעווראל 1933 י. האָט אינעמ ארטיקל „אונטער א פאלש־נאציאָנאלער פאָנ" אינגאנצנ ריכטיק, באָלשעוויסטיש אופגעדעקט אונ סיגנאליזירט פאר דער פארטייִשער אונ דער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקייט וועגנ דער אקטיוויזירונג פונ די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע אונ נאציאָנאל־דעמאָקראטישע עלעמענטנ אינ וו.ס.ס.ר., וועלכע טרעטנ ארויס אונ פירנ אנ אנטיסאָוועטישע שעדיקערישע ארבעט, צודעקנדיק זיכ מיט א פאלש־נאציאָנאלער פאָנ, אונ דורכ דעמ האָט דער צ.־אָ. געהאָלפנ דער קאָמוניסטישער פארטיי פונ ווײַסרוסלאנד פארסאכאקלענ אונ מאכנ די געהעריקע אויספירנ וועגנ דעמ צושטאנד פונ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בוײַונג אונ אויכ אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט, מאָביליזירנדיק די גאנצע ק.פ.(ב)וו. אפ אמשנעלסטנ איבערבויענ די גאנצע ארבעט אינ איינקלאנג מיט די אופגאבעס פונעמ איצטיקנ פעריאָד פונ דער סאָציאַליסטישער בוײַונג.

די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פרעזידיומ פונ צ.ק.ק. מערקנ אָפּ, אז אלע פאקטנ, וואָס זײַנענ מיטגעטײַלט געוואָרנ אינ דער „פראוודא" פאָרנ 3־טנ פעווראל 1933 י. וועגנ די אנטיסאָוועטישע, נאציאָנאל־דעמאָקראטישע אונ טראָצקיסטישע ארויסטרעטונגענ אינ פאָל־קאָמערד, אינ דער מינבוי־קאָנטאָר, אינ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע, אינ דער באפולמעכטיקונג פונ פאָלקאָמסאָווירט, וועגנ דער פארמיסטיקונג מיט קלאסנ־פײַנטלעכע, פאָליטיש ניט אויסגעפרוווטע עלעמענטנ אינ די אָרגאנענ פונ פאָלקאָמבילד (מ.פ.וו., אָנפי־רונג פונ די הויכשולנ א.א.וו.), וועגנ דעמ, אז קלאסנ־פײַנטלעכע, גרויסהערשערישע אונ נאציאָנאל־דעמאָקראטישע ווירקונגענ זײַנענ דורכגעדרונגענ אינ דער פרעסע—האָבנ ווירקלעכ געהאט אונ האָבנ אנ אָרט אינ וו.ס.ס.ר.

2. דידאָזיקע קלאסנ־פײַנטלעכע ארויסטרעטונגענ אונ האנדלונגענ פונ די אנטיסאָוועטישע, עסערישע, נאציאָנאל־דעמאָקראטישע אונ בונדישע עלעמענטנ, וועלכע טרעטנ אָפט ארויס אונטער א פאלש־נאציאָנאלער פאָנ, האָבנ געקענט האָבנ אנ אָרט אינ וו.ס.ס.ר. הויפטזעכלעכ דערפאר, וואָס ניט געקוקט אפ די פילמאָליקע אָנווײַזונגענ אונ וואָרענונגענ מיצאד דעמ צ.ק. אל.ק.(פ)ב., האָבנ די פארטייִשע אונ סאָוועטישע אָרגאניזאציעס פונ ווײַסרוסלאנד ניט געמאכט פאר זיכ די געהעריקע באָלשעוויסטישע אויספירנ פונ די לעקציעס פונ דער נאצדעמאָווושטשינע אונ פרישטשעפאָווושטשינע, וועלכע זײַנענ צעקלאפט, אָבער נאָכ ניט דערשלאָגנ אינ וו.ס.ס.ר. אונ וועלכע אקטיוויזירנ זיכ פאר דער לעצטער צײַט.

די ביוראָ צ.ק. אונ דער פרעזידיום צ.ק.ק. מערקנ אָפ, אז די פארטייִשע אונ סאָוועטישע אָרגאניזאציעס פונ וו.ס.ס.ר. האָבנ ניט דיסקאָנטירט די נײַע אומגעבונג, די נײַע באדינגונגענ, די נײַע טאקטיק אונ מאנעווערס פונ קלאסנ־סוינע, פונ די בורזשואזע נאציאָנאליסטנ אפנ פראָנט פונ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג אינ וו.ס.ס.ר. מיצאד א ריי סײַ צענטראלע, אזוי אויכ רײַאָנע אָרגאניזאציעס האָבנ געהאט אנ אָרט פאקטנ פונ מעכאנישנ, אינ טאָכ ניט ריכטיקנ דורכפירנ די ווײַסרוסיזאציע—אָנ דעמ דיסקאָנט פונ די קאָנקרעטע באזונדערקײַטנ פונ יעדנ רײַאָנ, באשטאנד פונ דער באפעלקערונג, איגנאָרירונג פונ די קולטורעלע אינטערעסנ אונ נויטנ אינ א ריי שטעט אונ רײַאָנענ מיט באדײַטנדיקע מאסנ נאציאָנאלע מינדערהײַטנ (א מעכאנישנ אריבערפירנ אינ א ריי רײַאָנענ די שולנ פונ די נאצמינדערהײַטנ אפ דער ווײַסרוסישער שפראכ, דאָס ארויסגעבנ ליטעראטור פאר די נאצמינדערהײַטנ, דאָס אראָפרײַסנ דורכ דעמ פאָלקאָמבילד די צוגרייטונג פונ פעדאגאָגישע קאדרענ א.א.וו.).

די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פרעזידיום פונ צ.ק.ק. שטרײַכנ אונטער, אז נאָר באמ באדינג פונ אנטשיידענעמ קאמפ אפ צוויי פראָנטנ—ווי מיטנ אָפנויג צומ גרויסהערשערישנ שאָוויניזמ—די הויפטגעפאר אפנ געגעבענעמ עטאפ, אזוי אויכ מיטנ אָפנויג צומ אָרטיקנ נאציאָנאליזמ,—וועט די ק.פ.(ב)וו. זיכערנ די ריכטיקע פארווירקלעכונג פונ דער לעניניסטישער נאציאָנאלער פאָליטיק פונ דער פארטיי.

די פארטייִשע אונ סאָוועטישע אָרגאניזאציעס פונ וו.ס.ס.ר. האָבנ זיכ נאָכ ניט איבערגעבויט באָלשעוויסטיש אינ דער ריכטונג פונ קאָנקרעטער אונ אָפעראטיווער אָנפירונג אונ פונ פינקטלעכ באָלשעוויסטיש אויספילנ די פארטייִשע דירעקטיוונ, האָבנ נאָכ ניט פאנאנדערגעוויקלט די ווירקלעכ־באָלשעוויסטישע זעלבסטקריטיק, ניט שוינענדיק קיינ פערזאָנענ, האָבנ ניט אויסגעראָטנ די ביוראָקראטיש־פריצישע מעטאָדנ אינ דער „אָנפירונג" אונ די ווערטער־דעקלאראטיווקײַט, האָבנ נאָכ ניט פאנאנדערגעוויקלט קיינ באָלשעוויסטישנ קאמפ קעגנ די בורזשואזע איבערגעבורטלער, נאציאָנאל־אָפאָרטוניסטישע אונ צעפוילטליבעראלע עלעמענטנ, וועלכע זײַנענ דורכגעקראָכנ אינ דער פארטיי.

3. די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פרעזידיום פונ צ.ק.ק. ק.פ.(ב)וו. מערקנ אָפ, אז די קלאסנפײַנטלעכע ארויסטרעטונגענ, וועלכע האָבנ געהאט אנ אָרט אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט (אינ דער פעריאָדישער פרעסע, אינ דער קינסטלערישער ליטעראטור אינ באזונדערע ארויסטרעטונגענ א.א.וו.), וואָס זײַנענ אָפגעמערקט געוואָרנ פונ דער „פראוודא" אונ אויכ דורכ דער „זוויאזדא" אונ די נײַ־אופגעדעקטע פארנ לעצטנ פעריאָד פאקטנ פונ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע, אָפאָרטוניסטישע אונ נאציאָנאליסטישע פארקריפלונגענ אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט, ניט געקוקט אפ א גאנצע ריי מאָסמיטלענ, וואָס זײַנענ אָנגענומענ געוואָרנ מיצאד דעמ צ.ק., ריידנ פאר דעמ, אז ביזנ איצטיקנ מאָמענט איז נאָכ ניטאָ בא אלע פארטייִשע

אונ סאָוועטישע אָרגאניזאציעס אונ באזונדערע קאָמוניסטנ די געהעריקע רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײַט, אונ עס זײַנען ניט דורכגעפירט געוואָרנ די געהעריקע פאָליטישע אונ פראקטישע מאָסמיטלענ, סײַ אפ אויסלעבנ, סײַ אפ ניט דערלאָזנ אפ ווײַטער אזוינע ארויסטרעטונגענ פונ קלאסנ־סוינע.

די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פרעזידיום פונ צ.ק.ק. ק.פ.(ב)ו. שטרײַכנ אונטער, אז מיצאד די פארטייִשע אונ סאָוועטישע אָרגאניזאציעס איז נאָכ ניטאָ קיינ אויסשעפנדיקער ווידערשטאנד אונ ס'זײַנען נאָכ ניט גענוג אופגעדעקט די קלאסנ־פײַנטלעכע ווירקונגענ, אז די פארטאָרגאניזאציע קאָנ נאָכ ניט מאָביליזירנ די קרעפטנ פונ די באָלשעוויקעס פונ ווײַסרוסלאנד קעגנ די פרעמדע, צעפוילט־ליבעראלע, איבערגעבורטלערישע עלעמענטנ, וועלכע זײַנען דורכגעקראָכנ אינ דער פארטיי אונ פארדעקנ זייער אנטיסאָוועטישע ארבעט מיט א פאלש־נאציאָנאלער פאָנ.

די פאקטנ, וואָס זײַנען אָפגעמערקט געוואָרנ אינ דער „פראוודא" באשטעטיקנ אנ איבעריקנ מאָל די נייטיקײַט צו פירנ אנ אקשאָנעסדיקנ, ווירקלעכ־באָלשעוויסטישנ קאמפ ניט נאָר דורכ יעדער פארטייִשער אונ סאָוועטישער אָרגאניזאציע, נאָר אויכ דורכ יעדנ קאָמוניסט אונ קאָמיוגיסט באזונדער, קעגנ די אנטפלעקונגענ פונ די קלאסנ־פײַנטלעכע ווירקונגענ, באזונדערס אינ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג אונ אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט.

בלויז דורכ אזא אנטשיידענעם באָלשעוויסטישנ קאמפ פאר דער לענינישער פארטיי־ליניע אינ די פראגעס פונ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג, וועט זיכ די ק.פ.(ב)ו. דערשלאָגנ צו ליקווידירנ די פרווונ פונ די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע בורזשואז־נאציאָנאליסטישע עלעמענטנ אפ אויסנוצנ אונדזער פרעסע, די שול אונ קולטור־אנשטאלטנ אינ זייערע אנטיסאָוועטישע צילנ.

4. קעדיי צו זיכערנ א ווירקלעכ־קאָנקרעטע, אָפעראטיווע אָנפירונג מיט דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג, העכערנ די פערסאָנעלע פאראנטוואָרטלעכקײַט פונ די פארטייער־אָנפירער פאר דעם איניעג, וואָס איז זיי אָנגעטרויט געוואָרנ. קעדיי אָפרייניקנ פונ קלאסנ־פײַנטלעכע אונ פרעמדע עלעמענטנ, וואָס קריכנ דורכ אינ די אָרגאנענ פונ פאָל־קאָמבילד, אינ דער ווײַסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע אונ אינ אנדערע קולטור־ אונ וויסנשאפטלעכע אנשטאלטנ, האלט די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פרעזידיום פונ צ.ק.ק. ק.פ.(ב)ו. פאר נייטיק דורכפירנ פאָלגנדיקע מאָסמיטלענ:

1. פאָרלייגנ דעמ קולטפראָפ פונ צ.ק.:

א) אינ א 5־טאָגיקנ טערמינ פארשטארקנ מיט קוואליפיצירטע, אויסגעפרוווטע טוער די סעקטאָרנ פונ וויסנשאפט אונ קונסט באַם קולטפראָפ צ.ק., אײַנשטעלנדיק א שטרענגע פערסאָנעלע פאראנטוואָרטלעכקײַט פונ די טוער פונ קולטפראָפ פאר דער ארבעט, וואָס איז זיי אָנגעטרויט געוואָרנ;

ב) אָרגאניזירנ אנ אויספירלעכנ אונ סיסטעמאטישנ קאָנטראָל איבערנ צושטאנד פונ אונטעריכטנ אינ די הויכשולנ, טעכנישע הויכשולנ, שולנ, טעכניקומענ,—מארקסיזמ־לעניניזמ, סאָציאל־עקאָנאָמישע קעגנשטאנדנ, קגעשיכטע פונ דער פארטיי דורכ גענוי דערלערנענ די לערער־קאדרענ, פראָגראמעס, לעקציעס, לערנ־פארגעבונגענ;

ג) אָרגאניזירנ אנ אויספירלעכנ אונ סיסטעמאטישנ קאָנטראָל מיצאד דעמ קולטפראָפ איבער די ביכער, וואָס ווערנ ארויסגעלאָזנ אונ איבער דער זשורנאלנ־פראָדוקציע, אָנווענדנדיק אונ אײַנוואָרצלענדיק דעמ מעטאָד פונ פאָרלויפיקע רעדאקטערישע פאָליט־רעצענזיעס;

ד) אײַנשטעלן א שטרענגע פּערסאָנעלע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פון אווטער, רעדאַקטער און אַרויסגעבער פאַר דער אַרבעט, וואָס ווערט אַרויסגעלאָזן;

ה) פּעריאָדיש פּראַקטיקירן טעמאַטישע באַראַטונגען פון דער פּאָליט-רעדאַקטור, וואָס זייער גרונט-אויפגאַבע דאַרף זײַן באַצײַטנס אויפדעקן די קלאַסן-פײַנטלעכע אַרויסטרעטונגען, סיגנאַליזירן און אָוועקשטעלן פאַרן צ.ק. פון דער פּאַרטיי די אַקטועלע פראַגעס וועגן צושטאַנד פון דעם וויסנשאַפטלעך-אידעאָלאָגישן פראָנט פון ו.ס.ס.ר.

2. לויט דער ליניע פון פּאָלקאָמבילד, אויסער די שוין-אָנגענומענע און דורכגעפירטע באַזונדערע מאָסמיטלען, האַלטן פאַר נייטיק:

א) אין די נאָענטסטע 5—7 טעג פאַרענדיקן דורכקאָנטראָלירן דעם באַשטאַנד פון די טוער פון פּאָלקאָמבילד. דעם קולטפּראָפּ פון צ.ק. צוזאַמען מיטן פּאָלקאָמבילד אויסאַרבעטן א רײ מאָסמיטלען אָפּ פאַרשטאַרקן די אָרגאַנען פון פּאָלקאָמבילד, באַזונדערס דעם מעלוכע-פאַרלאַג פון ווײַסרוסלאַנד, דעם „גלאַווליט”, הויפּט-קונסט, דעם שול-סעקטער און דעם קאַדרען-אָפּטייל—מיט פּאַרטייִשע אויסגעפּרוּווטע טוער;

ב) אָנווײַזן די כאַווײרים פּלאַטון, בעלוגא, וואָלפּסאָן, אַז יענע גרויסע אידעאָלאָגיש-פּאָליטישע דורכפאַלן און קלאַסן-פײַנטלעכע אַרויסטרעטונגען, וואָס האָבן געהאַט און האָבן נאָך אַן אָרט אויפן פראָנט פון דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער בויונג פון ו.ס.ס.ר., זאָגן עדות, אַז אין די אָרגאַנען פון פּאָלקאָמבילד, איז אַנשטאָט קאָנקרעט אָנפירן באָלשעוויסטיש, קאָנטראָלירן דאָס אויספילן די פּאַרטייִשע דירעקטיוון,—בליבן ביוראָקראַטיש-פּריצישע מעטאָדן פון „אָנפירן”, גרויסהאַלטערײַ, די אָפּוועזנהײַט פון יעטווידער קאָנטראָל און די עלעמענטן פון צעפוילטן ליבעראַליזם, פאַרטעמפּטקײַט פון דער קלאַסן-וואַכזאַמקײַט בנוגע די קלאַסן-פײַנטלעכע אַרויסטרעטונגען און די עלעמענטן, וועלכע פירן זייער אַרבעט אונטער דעם צודעק פון דער פאַלש-נאַציאָנאַלער פאָן.

5. די ביוראָ פון צ.ק. און דער פּרעזידיום פון צ.ק.ק. מערקן אָפּ, אַז ניט געקוקט אויף א רײ באַשטימונגען, וואָס זײַנען אין זייער צײַט אָנגענומען געוואָרן אין צוזאַמענהאַנג מיט די גרויסע אידעאָלאָגישע דורכפאַלן אין דער אַרבעט פון אינסטיטוט פאַר פּאַרטיי-געשיכטע (פאַקטן פון אידעאַליזירן דעם „בונד”, פון ניט ריכטיק טראַקטירן די טעאָריע פון „אַריבערוואַקסן” אין די אַרבעטן פון יכ׳ פּאָטאַש, פּאָליטישע פאַרקריפּלונגען אין דער פּאָרעדע צום 5-טן באַנד פון לענינס ווערק א.א.וו.), איז אין אינסטיטוט ביז איצט ניט דערגרייכט געוואָרן דער געהעריקער איבערברוך (דאָס ניט רעאַגירן מיצאַד דעם אינ-סטיטוט אויף איניגע געסען און קערנאַזשיצקי; די צעפוילט-ליבעראַלע באַציִונגען מיצאַד דער אָנפירונג פון אינסטיטוט (סײַעוויטש) און מיצאַד דער ביוראָ פון דער פּאַרטייִשער קאַמערל צו די פאַרקריפּלונגען, וואָס זײַנען דערלאָזן געוואָרן אין געסענס רעצענזיע, צום איניגע איוואַנאָוו; די אָנוועזנהײַט פון גרופּירערײַ צווישן די וויסנשאַפטלעכע טוער פון אינסטיטוט; די זייער שוואַכע פאַנאַנדערוויקלונג פון דער פּאָזיטיווער שעפערישער אַרבעט, דער ניט באַפרידיקנדיקער אָפּקלײַב פון קאַדרען א.א.וו.).

באַשטעטיקן די באַשטימונג פון סעקרעטאַריאַט צ.ק. וועגן אַלזײַטיק דורכקאָנטראָלירן דעם צושטאַנד פון דער אַרבעט און פון די קאַדרען אויפן היסטאָרישן פראָנט פון ו.ס.ס.ר. און פאַרלייגן דעם סעקרעטאַריאַט פון צ.ק., אויפן גרונט פון די סאַכאַקלען פון קאָנטראָל, אויסאַרבעטן און דורכפירן א רײ מאָסמיטלען אָפּ פאַרשטאַרקן די קאַדרען פון די היסטאָריקער מיט זיכערע אויסגעפּרוּווטע באָלשעוויסטישע קאַדרען.

6. די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פּרעזידיום פונ צ.ק.ק. ק.פּ.(ב)וו. מערקנ אָפּ, אז די ווײַסרוסישע וויסנשאַפט־אקאדעמיע, צוגלײַכ מיט דער באַדײַטנדיקער ארבעט אינ געביט פונ שאפנ א ווירקלעכ־סאָוועטישע אקאדעמיע, וועלכע איז פריִער געווענ אנ אָנשפּאר־פּונקט פונ די נאציִאָנאל־דעמאָקראטישע עלעמענטנ, אונ צוגלײַכ מיטנ אײַנשליסנ די אקאדעמיע אינ דער סאָציִאליסטישער בויונג—איז פאראנ א רײ גרויסע אידעאָלאָגישע דורכפאַלנ אונ ערנסטע פעלערנ אינ דער פּראקטיק פונ איר ארבעט אונ אָנפירונג. אינ די ארבעטנ פונ א רײ אינסטיטוטנ פונ דער אקאדעמיע (פאר געשיכטע, עקאָנאָמיע, פילאָסאָפיע, ליטעראטור אונ שפּראכ) זײַנענ דערלאָזנ געוואָרנ גרויסע אידעאָלאָגישע דורכפאַלנ: עס זײַנענ דורכגעשלעפּט געוואָרנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע, טראָצקיסטישע, בונדישע, פארמאסקירטע נאציאָנאליסטישע אונ רעכט־אָפּאָרטוניסטישע אײַנשטעלונגענ אונ פעלערנ אינ די ארבעטנ פונ ריוולינ, געסענ, קערנאזשיצקי, ארטוניאנצ, טשערניאווסקי.

די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פּרעזידיום פונ צ.ק.ק. מערקנ אויכ אָפּ די ניט דערלאָזבארקײַט, וואָס די וויסנשאפט־אקאדעמיע האָט ארויסגעגעבנ א פּאָליטיש־שעדלעכנ (וואָס פארמאָגט טראָצקיסטישע אונ רעכט־אָפּאָרטוניסטישע פאָרמולירונגענ), א פלאָנטערנדיקנ אונ אינגאנצנ אמעראצישנ בוכ פונ קארניענקאָ. דער אינסטיטוט פאר ליטעראטור האָט ארויסגעוויזנ פארטעמפּטקײַט פונ דער קלאסנ־וואכזאמקײַט אינ דער קינסטלערישער ליטעראטור אונ קריטיק. אינ אגראָ־באָדנ־אינסטיטוט איז ניט געגעבנ געוואָרנ קײנ אנטשיידענער ווידערשטאנד דעם פארטיידיקנ רעאקציאָנערע אידייענ אינעם באארבעטנ דעם באָדנ לויט שמאָלע פאסנ ערד.

אינ צוזאמענהאנג מיט דער וואקסנדיקער ראָלע פונ דער וויסנשאפט־אקאדעמיע אינ דער סאָציאליסטישער בויונג פונ וו.ס.ס.ר. אונ קעדיי אָפּ ווײַטער העכערנ די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײַט אונ די קוואליטעט פונ דער ארבעט אינ דער אקאדעמיע, האלטנ די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פּרעזידיום פונ צ.ק.ק. פאר נײטיק פאָרצולייגנ דער פראקציע פונ פּרעזידיום פונ אקאדעמיע:

א) טייקעף הארב, באָלשעוויסטיש צעקריטיקירנ יענע דורכפאַלנ אונ פעלערנ, וואָס האָבנ געהאט אנ אָרט אינ דער ארבעט פונ די אינסטיטוטנ פונ דער אקאדעמיע, פאנאנדערוויקלענדיק אינ דער אקאדעמיע א ווירקלעכ־באָלשעוויסטישע זעלבסטקריטיק פונ די פעלערנ פונ דער ארבעט אונ פונ די דורכפאַלנ, סײַ אינ די אינסטיטוטנ, סײַ אינ דער ארבעט פונ דער אָנפירונג פונ דער אקאדעמיע גופא;

ב) באָלשעוויסטיש נעמענ זיכ פאר אָפּקלײַבנ אידעאָלאָגיש־אויסגעהאלטענע, פּאָליטיש־אויסגעפּרוּווטע אינ דער ארבעט צוגעגרייטע טוער, גלײַכצײַטיק אָפּרייניקנ די אקאדעמיע פונ פרעמדע קלאסנ־פײַנטלעכע נאצדעמישע, עסערישע, גרויסהערשערישע, באאמטלעכקאָלאָניזאטאָרישע אונ איבערגעבורטלערישע עלעמענטנ. אָבער פאר די סאָוועטישע ספּעציאליסטנ, פאר די, וועלכע זײַנענ געטרײַ דער זאכ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג, וועלכע האָבנ דערלאָזנ אינ זייערע ארבעטנ באזונדערע פעלערנ אונ דורכפאַלנ, זיכערנ צוגלײַכ מיטנ פאנאנדערוויקלענ א כאיוערישע קריטיק פונ זייערע פעלערנ אונ מיטנ אויסגלײַכנ דידאָזיקע פעלערנ, הילף אונ אָנפירונג אינ זייער ווײַטערדיקער ארבעט;

ג) באזונדערס געניי דארפ מענ דורכקאָנטראָלירנ די בוכ־ אונ זשורנאל־פּראָדוקציע פארנ 1931, 1932, 1933 י. אזוי, אז עס זאָל אפּגעוואָרפנ ווערנ די פּאָליטיש־שעדלעכע, קלאסנ־פײַנטלעכע בוכ־ אונ זשורנאל־פּראָדוקציע אונ אָפּ ווײַטער אזוי פארשטארקנ מיט פארטייִש־אויסגעפּרוּווטע קאדרענ דעם באשטאנד פונ פּאָליט־רעדאקטור, אז עס זאָל

פארשטארקט ווערנ דער טאָגטעגלעכער קאָנטראָל איבער דער פראָדוקציע, וואָס ווערט ארויסגעגעבנ, אונ דערשלאָגנ זיכ א בעעמעס מארקסיסטיש-לעניניש קריטיק פונ דער ווויסנשאפטלעכער ליטעראטור. דער פאָליטישער קאָנטראָל, די אָנפירונג מיט דער פאר-לעגערישער בוכ- אונ זשורנאל-פראָדוקציע דארפ דורכגעפירט ווערנ אזוי, אז ס'זאָל דיסקאָנטירט ווערנ די פייִקייט פונ קלאסנ-סוינע צו מאנעווירנ, צו מאסקירנ זיכ אינ זייַנע פרווונ אויסצונוצנ דעמ וויסנשאפטלעכ-אידעאָלאָגישנ פראָנט צוליב צילנ פייַנטלעכע דער פארטיי אונ סאָוועטנמאכט. ווענג גאנג פונ קאָנטראָל אויסהערנ אנ אינפאָרמאציע פונ פרעזידיום „באנ" אפנ ביוראָ פונ צ.ק.;

ד) פארשטארקנ די ארבעט איבערנ פלאנירנ די וויסנשאפטלעכ-פאָרשערישע ארבעט אינ וו.ס.ס.ר., אונ דאָסזעלבע קאָנקרעט דורכקוקנ דעמ פלאנ פונ צוגרייטנ וויסנשאפטלעכע טוער, ווענדנדיק א באזונדער אופמערקזאמקייַט אפ העכערנ די קוואליטעט פונ די קענטע-נישנ אונ צוגרייטנ וויסנשאפטלעכע קאדרענ לויט די ספּאציִאליטעטנ, וועלכע זייַנענ באזונ-דערס נייטיק פאר דער וויסנשאפטלעכער ארבעט אינ די באדינגונגענ פונ וו.ס.ס.ר.

7. אָפּצייכענענ דאָס ניט גענוגנדיקע באלויכטנ אונ אוועקשטעלנ אפ די שפאלטנ פונ די צייַטונגענ די פראגנ פונ נאציִאָנאל-קולטורעלער בויונג, באזונדערס אינ דער צייַטונג „ראבאָטשי" אונ „סאוועצקאיא בעלארוס". די ביוראָ פונ צ.ק. אונ פרעזידיומ פונ צ.ק.ק. מערקנ אָפּ דאָס ניט גענוגנדיקע באלויכטנ אינ „זוויאזדא" די פראגנ פונ נאציִאָנאל-קולטו-רעלער בויונג.

די ביוראָ פונ צ.ק. אונ פרעזידיום פונ צ.ק.ק. מאכנ אופמערקזאמ אפ דער נייטיקייַט בא-צייַטנס אופדעקנ מיצאד די צייַטונגענ די פאקטנ פונ קלאסנ-פייַנטלעכע ארויסטרעטונגענ.

פאָרלייגנ די רעדאקטאָרנ פונ די צייַטונגענ, די כאווײרים בראגינסקי, שעסטאקאָוו, כייפעצ, ווי אויכ די רעדאקטאָרנ פונ די שטאָטישע אונ ראַיאָנע צייַטונגענ (באזונדערס פונ האָמעל, וויטעבסק, מינסק, אָרשע, באָברויסק, האָרקי, מאָלעוו) סיסטעמאטיש באלויכטנ אונ אוועקשטעלנ אפ די שפאלטנ פונ די צייַטונגענ פראגנ פונ נאציִאָנאל-קולטורעלער בויונג, אופ-דעקנדיק אונ געבנדיק אנ אומבערעכמאָנעסדיקנ קלאפ איבער די אנטיסאָוועטישע עלעמענטנ, וועלכע טרעטנ אָפּט ארויס אונטער א פאלש-נאציִאָנאלער פאָנ, ווי אויכ באלויכטנ די גרויסע פּאָזיטיווע דערפארונג אינ דער קולטור-בויונג, וואָס עס האָט דורכגעמאכט וו.ס.ס.ר.

8. די ביוראָ פונ צ.ק. אונ פרעזידיום פונ צ.ק.ק. באגיטיקנ די באשטימונג פונ דער פראקציע פונ אָרגקאָמיטעט פונ די שרייַבער פונ 29-טנ יאנוואר 1933 י. ווענג די קלאסנ-פייַנטלעכע ארויסטרעטונגענ אפנ פראָנט פונ דער ווייַסרוסישער סאָוועטישער ליטעראטור אונ ווייַזט אייַנצייַטיק אָנ אפ די אינגאנצנ ניט גענוגנדיקע טעמפּנ פונ איבערבויענ די ליטערארישע אָרגאניזאציעס פונ וו.ס.ס.ר. אינ אײַנקלאנג מיט דער באשטימונג פונ צ.ק. אל.ק.פ.(ב) פונ 23-טנ אפּרעל 1932 י., אפ דער שוואכער אונ זייער ניט גענוגנדיקער פאנאנדערוויקלונג פונ פראגנ לויט דער שעפערישער ליניע, אפ דער אָנוועזנהייַט פונ נאָכ גיט אויסגעלעבטע עלעמענטנ פונ גרופּאָוושטשינע, זייער א שוואכע פאנאנדערוויקלונג פונ זעלבסטקריטיק אינ די שרייַבער-אָרגאניזאציעס, בא דעמ שוואכנ אונ ניט גענוג אופמערקזאמענ אונ פילבארנ צוגאנג צו די יונגע אונטערוואקסנדיקע שרייַבער-קאדרענ, ניט גענוגנדיקע הילפ זיי, ווי אינ דעמ מאטעריִעל-שטייגערישנ אונ קולטורעלנ באדינענ, אזוי אויכ אינ דער הילפ פונ זייער שעפערישנ וווקס.

די ביוראָ פונ צ.ק. אונ פרעזידיומ פונ צ.ק.ק. מערקנ באזונדערס אָפּ דאָס ניט גענוגנדיקע דורכפירנ דורכ דער פראקציע פונ אָרגקאָמיטעט פונ די שרייַבער די ארבעט פונ אנטפלעקנ

אונ אופדעקנ די קלאסנ־פײַנטלעכע, נאציאָנאל־דעמאָקראטישע אונ גרויסהערשערישע עלעמענטנ, וועלכע זײַנענ נאָכ פאראנ אינ די שרײַבער־אָרגאניזאציעס פונ וו.ס.ס.ר.

די אנטפלעקטע אונ אופגעדעקטע פאקטנ פונ דורכשלעפנ אונ דורכדרינגענ אינ דער סאָוועטישער ליטעראטור קלאסנ־פײַנטלעכע ווירקונגענ ריידנ וועגנ דעמ, אז די בורזשואז־באלעגופישע, נאציאָנאל־דעמאָקראטישע אגענטור אינ אונדזער קינסטלערישער ליטעראטור פונ וו.ס.ס.ר. איז נאָכ פולשטענדיק ניט אופגעדעקט געוואָרנ אונ ניט צעשמעטערט געוואָרנ ביזנ סאָפ. אנ אומבעראכמאָנעסדיקנ קאמפ מיט זיי, אופדעקנ אונ איזאָלירנ זיי פונ די שרײַבערישע מאסנ—דארפ זײַנ די שלאכט־אופגאבע פונ אָרגקאָמיטעט פונ שרײַבער־פארבאנד.

די ביוראָ פונ צ.ק. אונ פרעזידיום פונ צ.ק.ק. ווײַזנ אָנ דער פראקציע פונ אָרגקאָמיטעט פונ שרײַבער־פארבאנד אפ דער נייטיקײַט באדײַטנדיק צו פארשטארקנ די אידייִש־דערציִערישע ארבעט צווישנ די שרײַבער, פולקומ ליקווידירנ די עלעמענטנ פונ אדמיניסטרירונג, ליק־ווידירנ די גרופּאָווששינע, ווי אויכ אפ דער נייטיקײַט פאנאנדערוויקלענ א שעפערישע ארבעט, קאָנצענטרירנדיק די אופמערקזאמקײַט אפ דער ארבעט מיט די שלאָגלער, וואָס זײַנענ גערופנ אינ דער ליטעראטור, דערשלאָגנדיק זיכ אנ אידייִשנ וווּקס פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור אינ וו.ס.ס.ר., וואָס זאָל אנטשפרעכנ די פאָדערונגענ פונ דער פארטיי אונ ארבעטער־קלאס.

9. די ביוראָ פונ צ.ק. אונ פרעזידיומ פונ צ.ק.ק. שטרײַכנ אונטער די נייטיקײַט אנט־שיידנ אונ גרינטלעכ איבערבויענ די מעטאָדנ פונ אָנפירנ מיטנ גאנצנ פראָנט פונ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג, ווי מיצאד די צענטראלע סאָוועטישע, וויסנשאפטלעכע אנשטאלטנ (ראטפּאָלקאָמ, צ.א.ק. וו.ס.ס.ר, פאָלקאָמבילד, וויסנשאפט־אקאדעמיע, צ.ס.פ.ס.ב.. צ.ק. ל.ק.יו.פ.וו. אונ אנד.), אזוי אויכ מיצאד די שטאָטישע אונ רײַאָנע פארטיי־קאָמיטעטנ, פארטיי־קעמערלעכ, אומבעראכמאָנעסדיק אויסראָטנ פונ דער פראקטישער ארבעט אונ אָנפי־רונג מיט דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג אינ וו.ס.ס.ר. די ביוראָקראטיש־פּריצישע מעטאָדנ פונ אָנפירונג, ביוראָקראטישע גרויסהאלטונג, קאזיאָנע גרויסמוטיקײַט, זי נייטיקײַט צו פארשטארקנ די קאָנקרעטע אָפּעראטיווע אָנפירונג אונ פאָדערנ א סאמע שטרענגנ צוגאנג צו אָפשאצנ יעדער באזונדערנ אָנפירנדיקנ טוער.

די ביוראָ פונ צ.ק. אונ דער פרעזידיום פונ צ.ק.ק. ווײַזנ אָנ, אז די ווירקלעכ־באָלשע־וויסטישע אָפשאצונג פונ יעדנ טוער דארפ ארויסגיינ פונ די פראקטישע רעזולטאטנ פונ זײַנ ארבעט, פונ זײַנ רעוואָליוציאָנערער וואכזאמקײַט, וואָס איז דער קאָנטראָל פונ זײַנ איבערגעגעבנקײַט אונ פייִקײַט צו קעמפנ פארנ דורכפירנ אינ דער פראקטיק די גענעראלע פארטיי־ליניע.

די ביוראָ פונ צ.ק. אונ פרעזידיום פונ צ.ק.ק. ווײַזנ אָנ, אז באמ אָפקלײַבנ די אָנפירנדיקע קאדרענ אפ אלע געביטנ פונ ארבעט, אינ דעמ אויכ לויט דער ליניע פונ נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג, איז נייטיק אנטשיידנ פארענדיקנ מיטנ מעכאנישנ צוגאנג צו אָפקלײַבנ אונ איבערגרופירנ די מענטשנ, אומאָפּהענגיק פונ זייער באָלשעוויסטישער קוואליטעט, פארשטארקנ דאָס ארויסרוקנ אונ פארפעסטיקנ אפ אָנפירנדיקער ארבעט די נײַע אויסגע־וואקסענע, באָלשעוויסטיש־אויסגעפּרווּוטע טוער אפ דער פראקטישער ארבעט, געבנדיק זיי אנ אקטיווע הילפ אפ העכערנ זייער קוואליפיקאציע אונ דעמ ווײַטערדיקנ וווּקס פונ זייער פּאָליטישנ ניוואָ.

אוועקשטעלנ די פראגע וועגנ דעמ צושטאנד אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט אונ וועגנ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג אינ וו.ס.ס.ר. אפנ אָרדנטלעכנ פלענומ פונ צ.ק. ק.פ.(ב)וו.

# וועגנ די פאקטנ פונ דורכרײַסנ זיכ פונ קלאסנ-פײַנטלעכע נאציאָנאל-דעמאָקראטישע ווירקונגענ אינ דער קינסטלע-רישער ליטעראטור פונ וו.ס.ס.ר.

## באשטימונג פונ צ.ק. ק.פ.(ב)וו. פארנ 28-טנ יאנוואר 1933 י.

1. דער צ.ק. ק.פ.(ב)וו. מערקט אָפּ, אז פאר דער לעצטער צײַט האָבנ געהאט אנ אָרט א ריי פאקטנ, ווענ עס האָבנ זיכ דורכגעריסנ אונ דורכגעזאפּט אָפּנ קלאסנ-פײַנטלעכע, רעוואנשיסטישע, נאציאָנאל-דעמאָקראטישע ארויסטרעטונגענ אפנ ליטעראטור-פראָנט פונ וו.ס.ס.ר. (דער ארטיקל פונ סידאָרענקאָ-פענאטשקינ, ניקאָנאָוויטשעס ווערק אינ זשור-נאל „בעלארוס קאָלהאסנאיא", דאָס ווערק פונ ס. באראנאָוויכ אינ „ליטעראטורא אי מאסטאצטווא").

דער צ.ק. קוואליפיצירט דאָס דערשײַנענ פונ די אויבנאָנגעוויזענע ארטיקלענ אונ ווערק (סידאָרענקאָ-פענאָטשקינ, ניקאָנאָוויטש אונ ס. באראגאָוויכ) אינ אונדזערע זשורנאלנ, ווי א קלאסנ-פײַנטלעכע ארויסטרעטונג פונ רעוואנשיסטישע, נאציאָנאל-דעמאָקראטישע על-עמענטנ, וועלכע שפּיגלענ אָפּ אינ דיראָזיקע זייערע ארויסטרעטונגענ דעם צעיושעטנ ווידער-שטאנד פונ דעם צעגראָמירטנ, אָבער נאָכ ניט ענדגילטיק צעקלאפּטנ קלאסנ-סוינע, קעגנ דעם פאנאנדערגעוויקלטנ סאָציאליסטישנ אָנגריפ איבערנ גאנצנ פראָנט, וועלכע פירנ זייער אנ-טיסאָוועטישע ארבעט, פארדעקנדיק זיכ מיט דער פאלש-נאציאָנאלער פאָנ.

2. דער צ.ק. האלט פאר אינגאנצנ ניט דערלאָזבאר אונ ניט געדולדעט דאָס, וואָס ביז איצט האָט די פראקציע פונ קאָמיטעט פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער, ניט געגעבנ קיינ פאנאנדערגעוויקלטע פּאָליטישע קוואליפיקאציע די אויבנאָנגעוויזענע פאקטנ פונ אנטי-סאָוועטישע ארויסטרעטונגענ אפנ ליטעראטור-פראָנט, וואָס דער סעקרעטאריאט פונ צ.ק. שאצט אָפּ, ווי א פארטעמפּטקײַט פונ דער קלאסנ-וואכזאמקײַט, פּאָליטישע קורצזיכטיקײַט אונ אנ אנטפּלעקונג פונ צעפוילטנ ליבעראליזמ מיצאד דער אָנפירונג פונ אָרגקאָמיטעט צו די קאָנקרעטע טרעגער פונ די קלאסנ-פײַנטלעכע ווירקונגענ אינ דער ליטעראטור אונ דערפאר ארויסטראָגנ אנ אויסרייד דער פראקציע פונ פרעזידיום פונ אָרגקאָמיטעט פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער.

פאָרלייגנ דער פראקציע פונ אָרגקאָמיטעט געבנ אינ די נאָענטסטע טעג א פאנאנדער-געוויקלטע פּאָליטישע אָפּשאצונג איבערנ צושטאנד פונ ליטעראטור-פראָנט אינ וו.ס.ס.ר.

3. אָפּמערקנ, אז מיצאד די אָרגאנענ פונ פּאָלקאָמבילד—באזונדערס דעמ „גלאווליט", דעמ מ.פ.וו. איז אינ דער ארבעט איבער די פראגנ פונ ליטעראטור (אָנפירונג, פארלאג-ארבעט, פּאָליט-רעדאקציע) ארויסגעוויזנ געוואָרנ א פארטעמפּטקײַט פונ דער קלאסנ-וואכזאמקײַט אונ א צעפוילטער ליבעראליזמ בענעגייע די קלאסנ-פײַנטלעכע ארויסטרע-טונגענ אונ פערזאָנענ, וועלכע פירנ אנ אנטיסאָוועטישנ קאמפּ, צודעקנדיק זיכ מיט דער פאלש-נאציאָנאלער פאָנ.

וואָרענענ דעמ כ' פּלאטונ, אז דיזאָזיקע פאקטנ אונ אויכ די פאקטנ, וואָס זײַנענ אויפ-געדעקט געוואָרנ אינ דער ארבעט פונ פּאָלקאָמבילד אינ דער אָנפירונג מיט די הויכשולנ אונ מיט די שולנ אונ וואָס זײַנענ אָפּגעמערקט געוואָרנ אינ דער באשטימונג פונ פּלענומ פונ צ.ק.,—ריידנ וועגנ דער ניט גענוגנדיקער באָלשעוויסטישער אָנפירונג מיצאד דעמ

כ׳ פלאטונ מיט דער זאכ, וואָס איז אים אָנגעטרויט געוואָרנ דורכנ צענטראל־קאָמיטעט אונ אז דער צ.ק. פאָדערט פונ כ׳ פלאטונ שאפנ אנ אנטשיידענעם איבערברוכ אונ איבערבויענ די גאנצע ארבעט פונ פאָלקאָמבילד.

דעם כ׳ סיניצקי, דעם פארוואלטער פונ „גלאווליט״ דערקלערנ א שטרענגנ אויסרייד מיט א וואָרענונג אונ אראָפּנעמענ פונ דער ארבעט. פאָרלייגנ דעם כ׳ רודניצקי טייקעפ ארופלייגנ פערסאָנעל אפ איינעם פונ די מיטגלידער פונ דער קאָלעגיע פונ פאָלקאָמבילד די פליכטנ פונ אכטונג געבנ אפ דער ארבעט פונ „גלאווליט״ ביז עס וועט אָפּגעקליבנ ווערנ אנ אנטשפּרעכנדיקער טוער.

דעם כ׳ נעקראשעוויטש—דעם פארוואלטער פונ מעלוכע־פארלאג פונ ווייסרוסלאנד—פאר ניט גענוגנדיקער באָלשעוויסטישער אָנפירונג מיטנ וויכסיקסטנ באצירק פונ דער נאציאָנאל־קולטורעלער בויונג—מיט דער פארלאג־ארבעט, פאר דער אינגאנצנ ניט אופמערקזאמער באציִונג צום אָפּקלייבנ די קאדרענ פאָליט־רעדאקטערס, וואָס עס האָט געבראכט צו א גאנצער ריי דורכרייסנ פונ פאָליטיש־אידעאָלאָגישנ שניט אינ דער ארבעט פונ מ.פ.וו.—ארויסטראָגנ א שטרענגנ אויסרייד.

וואָרענענ דעם כ׳ נעקראשעוויטש, אז אויב ער וועט אינ דער נאָענטסטער צייט זיכ ניט דערשלאָגנ אנטשיידנ באָלשעוויסטיש איבערבויענ די ארבעט אונ די אָנפירונג פונ מ.פ.וו. אינ דער ריכטונג פונ פארשטארקנ די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקייט, פונ אָפּקלייבנ אויסגעהאלטענע, זיכערע אונ אויסגעפּרוּווטע רעדאקטער־קאדרענ, וועלכע זאָלנ אָנפירנ מיט דער פארלאג־ארבעט ניט פאָרמעל, נאָר אינ טאָכ,—וועלנ בענעגייע צו אים אָנגענומענ ווערנ מאָסמיטלענ פונ מער הארבערער פארטייִשער שטראָף.

פאָרלייגנ דעם פאָלקאָמבילד אונ דעם קולטפּראָפּ אינ די נאָענטסטע 2—3 טעג פארשטארקנ דעם אפאראט פונ דער רעדאקטור פונ מ.פ.וו., פונ „גלאווליט״, פונ הויפּט־קונסט מיט פארטייִש־אויסגעפּרוּווטע אונ אויסגעהאלטענע טוער, גלייכצייטיק פארשטארקנדיק דעם טאָגטעגלעכנ קאָנטראָל אונ די אָנפירונג אפנ ליטעראטור־קינסטלערישנ פראָנט.

4. אָפּמערקנ די גאָר ניט דערלאָזבארע אָנפירונג מיט די פראגעס פונ דער קינסטלערישער ליטעראטור אונ דאָס ניט באצייטנס רעאגירנ אפ די פאקטנ מיצאד דעם קולטפּראָפּ פונ צ.ק., באזונדערס דעם קונסט־סעקטער, אונ דערפאר:

א) דעם געוועזענעם פארוואלטער מיטנ קונסט־סעקטער פונ צ.ק., כ׳ מאָדעל, דערקלערנ א שטרענגנ אויסרייד מיט א וואָרענונג, איבערגעבנדיק די פראגע וועגנ אים אפ דער באהאנדלונג פונ צ.ק.ק.;

ב) וואָרענענ דעם כ׳ אוס, דעם פארוואלטער מיטנ קונסט־סעקטער פונ צ.ק., אונ אויכ אלע טוער פונ קולטפּראָפּ, אז אזא צושטאנד, ווי עס איז אופגעדעקט געוואָרנ אפנ ליטעראטור־פראָנט, זאָגט איידעס, אז די טוער פונ קולטפּראָפּ האָבנ ביז איצט נאָכ ניט ארויסגעוויזנ זיכ פאר פאָליטיש־וואכזאמע טוער פונ פארטייִשנ אפאראט, וועלכע זיינענ פארפליכטעט שנעל סיגנאליזירנ אונ מאכנ אויספירנ בענעגייע די אנטפלעקונגענ פונ די קלאסנ־פיינטלעכע ארויסטרעטונגענ אפנ פראָנט פונ ליטעראטור אונ קונסט.

פאָרלייגנ דעם קולטפּראָפּ פונ צ.ק. אינ פארלויפ פונ 2—3 טעג פארשטארקנ דעם קונסט־סעקטער מיט אויסגעפּרוּווטע, זיכערע פארטייער אונ אויכ פארשטארקנ די טאָגטעגלעכע אָנפירונג אונ הילפ דער פראקציע פונ אָרגקאָמיטעט פונ פארבאנד פונ די שרייבער.

5. פאנאנדערלאָזנ די רעדקאָלעגיע „בעלארוס קאָלהאסנאיא”. די פראגע וועגנ דעם רעדאקטער פונ זשורנאל כ׳ מוראשקאָ, וועלכער האָט ניט נאָר דערלאָזנ דאָס דערשײַנענ פונ די אויבנאָנגעוויזענע קלאסנ־פײַנטלעכע אנטיסאָוועטישע ארטיקלענ אינ זשורנאל, נאָר ער האָט געפאָדערט אָפדרוקנ זיי,— איבערגעבנ אינ צק״ק אפ צוציִענ צו שטרענגער פארטײשער פאראנטוואָרטלעכקײַט.

פאָרלייגנ דעם קולטפראָפ פונ צ.ק. אינ א 3־טאָגיקנ טערמינ צושטעלנ אפ באשטעטיקנ אינ צ.ק. א נײַעם באשטאנד פונ דער רעדקאָלעגיע פונ זשורנאל „בעלארוס קאָלהאסנאיא”.

פאר פארשפעטיקנ אונ ניט באצײַטנדיקנ אופדעקנ די קלאסנ־פײַנטלעכע ארויסטרעטונגענ אפילו ליטעראטור־פראָנט דערקלערנ דער רעדאקציע פונ צײַטונג „לימ” אנ אויסרייד.

פאָרלייגנ דעם קולטפראָפ צ. ק. פארשטארקנ דעם באשטאנד פונ דער רעדקאָלעגיע פונ דער צײַטונג „לימ” מיט פעסטע אויסגעפרואווטע פארטייער. אָנווײַזנ דעם כ׳ דונעצ, אז דער פאקט פונ דורכלאָזנ אינ צײַטונג „לימ” קלאסנ־פײַנטלעכע ארטיקלענ זאָגנ איידעס וועגנ דעמ, אז דער כ׳ דונעצ האָט זיכ ניט דערשלאָגנ קיינווירקלעכע באָלשעוויסטישע אָנפירונג מיט דער צײַטונג „לימ”. פאָרלייגנ דעם כ׳ דונעצ אָנעמענ מיטלענ אפ ניט דערלאָזנ אפ ווייטער אזעלכע פאקטנ.

אָפמערקנ, אז דער אינסטיטוט „לימ” האָט אָנגענומענ א „נייטראלע” פאָזיציע אינ דירעזיקע פראגנ, אלס באווײַז פונ דעם איז דאָס, וואָס ער האָט ניט געגעבנ קיינ איינ קריטישנ ארטיקל, ניט קוקנדיק אפ דער וואָרענונג מיצאד דעם צ. ק. וועגנ דער נייטיקײַט אָפנ ארויסטרעטנ קעגנ די קלאסנ־פײַנטלעכע עלעמענטנ. דאָס זאָגט איידעס וועגנ דעמ, אז אינ אינסטיטוט „לימ” איז ניטאָ קיינ נעגונגנדיקע מאָביליזירטקײַט אונ מיצאד דעם „באנ”, ווערט ניט פארווירקלעכט די נייטיקע פארטײישע אָנפירונג מיט דידאָזיקע איניאָנים, פארוואָס דעם דירעקטער פונ אינסטיטוט „לימ” דער כ׳ וואָלסקי אונ דעם פארטרעטער פונ דירעקטער דעם כ׳ לימאנאָווסקי דערקלערנ אנ אויסרייד. אָנווײַזנ דעם פארטײישנ טייל פונ דער אקאדעמיע אפ דער נייטיקײַט צו פארשטארקנ די אָנפירונג מיט דער ארבעט פונ אינסטיטוט.

דעם כ׳ גאָלאָוואטש פ., וועלכער האָט דערלאָזנ באם רעדאגירנ דעם זאמלבוכ (6־טער באנד) פונ די לידער פונ קופאלא א ריי אָפנ־נאציאָנאליסטישע, קלאסנ־פײַנטלעכע שאפונגענ פונ קופאלא פונ דעם פעריִאָד, ווענ קופאלא האָט אינ זײַנ שאפנ בולעט ארויסגעדריקט נאציאָנאל־דעמאָקראטישע אידייענ, באזונדערס אָנ רעדאקציִאָנעלע באמערקונגענ אונ פאָליטישער אָפשאצונג,— דערקלערנ א שטרענגנ אויסרייד מיט א וואָרענונג.

אינ צוזאמענהאנג מיט דער אָנוועזנהײַט פונ א ריי פאקטנ, וועלכע ווײַזנ וועגנ דעם, אז דער כ׳ גאָלאָוואטש האָט ניט בלויז אויסגעבעסערט זײַנע פריִערדיקע פעלערנ, נאָר אויכ אינ געגעבענעם מאָמענט דערלאָזנ אויכ א ריי פעלערנ פונ פאָליטישנ כאראקטער,— די פראגע פונ כ׳ גאָלאָוואטש לייזנ צוגאָבלעכ באזונדער.

6. פאָרלייגנ דעם צ. ק. ל.ק.י.פ.ו. פאנאנדערקלײַבנ די פראגע וועגנ די גראָבע פאָליטישע פעלערנ פונ כ׳ קוטשער, וואָס זײַנענ דערלאָזנ געוואָרנ דורכ אימ אינ א ריי פונ זײַנע ליטעראריש־קריטישע ארויסטרעטונגענ, אונטערוואָרפנדיק זיי דער סאמע אומבראַכמאָנעסדיקער שארפער באָלשעוויסטישער קריטיק אונ אינ פאל ווענ עס וועט נייטיק זײַנ ארײַנטראָגנ זײַנע פאָרשלאגנ אינ צ.ק.

7. אינ צוזאמענהאנג מיט דער אָנוועזנהײַט פונ א ריי פאקטנ, וועלכע זאָגנ איידעס וועגנ ניט דערלאָזבארער אופירונג פונ כוועדאָראָוויטשנ אינ די פראגנ פונ דורכפירנ די

פארטײיִשע ליניע אפנ ליטעראטור־פראָנט, באופטראָגנ די צ.ק.ק. צוציִענ כחעדראָוויטשנ צו פארטײישער פאראנטוואָרטלעכקײַט.

8. די ביוראָ פונ צ.ק. פארפליכטעט יעדנ קאָמוניסט אונ קאָמיוגיסט שרײַבער מיט אלע מעגלעכקײַטנ פארשטארקנ די רעוואָליוציאָנערע וואכזאמקײַט, די באָלשעוויסטישע אומקאָמפראָמיסלעכקײַט צו די קלאסנ־פײַנטלעכע ארויסטרעטונגענ, צו די פײַנטלעכע ווירקונ־גענ אפנ ליטעראטור־פראָנט, אומבעראכמאָנעסדיק אופדעקנדיק אונ אראָפרײַסנדיק די מאסקע פונ קלאסנ־פײַנט, וואָס טרעט ארויס אָפט אונטער א פאלש־נאציאָנאלער פאָנ, געבנדיק זיי א צעשמעטערדיקנ ווידערשטאנד, צוזאמענ מיט דעמ פילבאר אונ פאָרזיכטיק זיך באציִענ צו יענע שרײַבערישע קאדרענ, וועלכע באמיִענ זיך שטעלנ צו דינסט דער זאך פונ דער סאָציאליסטישער בויונג—דערשלאָגנ זיך זייער סאָציאליסטישע איבערדערציִונג אינ פראָצעס פונ שעפערישער אונ געזעלשאפטלעכער ארבעט.

---

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק

רעדקאָלעגיע: א. אָשעראָוויטש, ז. אקסעלראָד, י. בראָנשטיינ, כ. דונעצ, א. וואָלאָ־ברינסקי, אי. כאריק, ל. קאצאָוויטש, ר. ראיִק, ל. ראָזענהויז, ס. שווידעל.

דרוקערײַ א. נ. סטאלינ באשטעלונג 601. גלאווליטבעל A—213

קײנ אײנ ארבעטנדיקער—
אָנ אָנפּראָצענטיקע געווינס - דעפּאָזיטנ.

# אפּנ שפּאָר-ביכל קענ מענ געווינענ

צוליב דעמ פּירט אײַנ אנ אָנפּראָצענטיקנ
געווינס-רעכענונג אינ שפּאָר-קאסע ——
אײנ מאָל אינ דרײַ כאדאָשימ—

## א טיראזש פונ די געווינסנ

אײנער פונ 20 דעפּאָזיטערס געווינט אינ יעדנ טיראזש. געווינענדיק אײנ מאָל, פארלירט ניט דער דעפּאָזיטער דאָס רעכט אָנטײל צו נעמענ אינ די ווײַטערדיקע טיראזשנ; יעדער געווינס באטרעפט א העלפט פונ דער מיטעלער סומע פונ דעמ דעפּאָזיט, וועלכנ דער דעפּאָזיטער האָט געהאלטנ אינ קאסע אינ פארלויפ פונ 3 כאדאָשימ. דערדאָזיקער דעפּאָזיט דארפ זײַנ

**ניט ווייניקער פונ 10 רובל.**

לויט דידאָזיקע דעפּאָזיטנ קענענ די דעפּאָזיטערס מאכנ
אלע אָפּעראציעס ווי לויטנ פּראָצענט - דעפּאָזיט.

דידאָזיקע דעפּאָזיטנ זײַנענ אײַנגעפירט אינ פאָלגנדיקע שטעט אונ ראַיאָנענ:
מינסק, האָמעל, זאסלאוול, וויטעבסק, מאָליעוו,
מאָזיר, באָברויסק, פּאָלאָצק, אָרשע אונ רעטשיצע.

אינ אָנהײב פונעמ צווייטנ קווארטל וועלנ אינ מינסק,
האָמעל אונ זאסלאוול פּאָרקומענ די ערשטע טיראזשנ
לויט דידאָזיקע געווינס - דעפּאָזיטנ ——————

קײנ אײנ ארבעטנדיקער—
אָנ אָנפּראָצענטיקע געווינס-דעפּאָזיטנ.

